7

פאַוולאָוויטש.

# ווִי הָאבֶּען מֶענְשֶׁען גֶעלֶעבְּט

## מִיט אֵיינִיגֶע טויזֶענְד יָאהר צוּריק?

איבֶּערזעצט דורך

א. קאַטיק אונד א. ברעסלער.

פערלאג „פּראָגרעסס" ווארשא
נאלעווקי 36

געוועזענע א. קאָביק'ס אויכגאַבען.

תר"ס"ו — 1906

№ 28.   פרייז 10 קאפ'.

# קאַטאַלאָג

פון דער

## פערלאג „פראגרעס" ווארשא.

| | | | פרייז |
|---|---|---|---|
| I | ב. פייגענבוים. | שטיינער וואס פאלען פון הימעל. אַפּאָפּולערע ערקלעהרונג וועגען מעטעאָריטען, שטערנשנופּען און קאָמעטען . . . . . . . . . | 10 ק. |
| II | פ. שטרייסלער. | קולטור—געשיכטע, פּאָפּולער בעאַרבייט דורך א. ברעסלער. . . | 25 |
| III | וו. קאראלענקא. | דער בלינדער מוזיקאַנט . . . . | 35 |
| IV | ב. פייגענבוים. | דארווינטיזמוס, אָדער דארווין האָט געטראָפען . . . . . . . . . | 10 |
| V | ל. טאלסטאוו. | וועמענס גלויבען איז בעסער? איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . | 5 |
| VI | אברהם רייזען. | צייט—ליעדער, (מיט אַפאָרוואָרט). | 20 |
| VII | וו. גארשין. | די געפאלענע פרוי, איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . | 10 |
| VIII | א. ברעסלער. | יוסף פערלע. זיין ביאָגראַפיע ליטעראַרישע און אַלגעמיינע ארבייט. | 10 |
| IX | ש. ל. הורוויץ. | בנימין פראנקלין, זיין לעבענס בעשרייבונג און די בעפרייאונג פון: אמעריקא . . . . . . . . . . | 20 |
| X | ה. ט. באקל. | די געשיכטע פון ציוויליזאציאן אין ענגלאנד, קורץ פּאָפּוליאַריזירט דורך א. ברעסלער . . . . . . | 20 |
| XI | נ. רובאקין. | ווי לעבען די היות? (בילדער פון זהיר לעבען) . . . . . . . . | 40 |
| XII | קוראטשקין. | פפלאַנצען—לעבען וועגען געוואקסע | 80 |
| XIII | סיפאווסקי. | סאקראטעס, דער גריכישער פילאזאף . . . . . . . . . | 22 |

## I

יֶעצְט אִין אוּנְזֶער צַייט פוּן אַייזֶענְבַּאנֶען, טֶעלֶעגְרַאפֶען, טֶעלֶעפָאנֶען אוּנְד נָאךְ אַסַךְ אַזֶעלְכֶע נוּטְצִיגֶע ווִיכְטִיגֶע מִיטְלֶען, וָואס עֶרְפִילֶען דֶעם מֶענְשֶׁענְס גֶעבְּרוֹיךְ אוּנְד מַאכֶען אִיהם אַיינְגִינֶעהם דֶעם לֶעבֶּען, קֶען גָאר נִיט אַיינְפַאלֶען אִין זִינֶען גֶעמֶען פֶערְגְלַייכֶען אוּנְזֶער אַרְט לֶעבֶּען מִיט דֶעם לֶעבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶע אַמָאהלִיגֶע עֶלְטֶערֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶען גִילֶעבְּט מִיט פִיעל טוֹיזֶענְדֶער יָאהר צוּרִיק. אָבֶער דָאס אִיז זֵייעֶר ווִיכְטִיג צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען, דֶען דִיא אַלֶע פְּרֶעדְמֶעטֶען וָואס מִיר בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט זֵייא יֶעצְט, זַיינֶען נִיט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען עֶרֶב שַׁבָּת בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת, פְרַייטָאג פַארְנַאכְט צוּ לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען, נָאהר פִיעל טוֹיזֶענְדֶער יָאהר זַיינֶען אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אֵיידֶער דִיא מֶענְשֶׁען זַיינֶען בִּיסְלֶעכְווַייס דֶערְגַאנְגֶען מִיטֶען שֵׂכֶל ווִיא אַזוֹי דָאס אַלֶעס אוֹיסְאַרְבֵּייטֶען.

לֶעזֶענְדִיג דִיא עֶרְצֶעהלוּנְגֶען פוּן דִיא רַייזֶענְדֶער, וָואס שְׁטֶעלֶען זִיךְ אַיין אִין סַכָּנוֹת אוּנְד פָאהרֶען אִין דִיא וַוייטֶע לֶענְדֶער, ווִיא דְהַיְינוּ, אִין דִיא אוֹיסְטְרַאלִישֶׁע אִינְזֶלֶען, זַאמְדִיגֶע מִדְבָּרִיוֹת פוּן אַפְרִיקַא אוּנְד אִין דִיא אַלְטֶע וֶועלְדֶער פוּן אַמֶערִיקַא, דֶערְוִויסֶען מִיר זִיךְ פוּן אַסַךְ וואוּנְדֶערְלִיכֶע, נַארִישֶׁע, ווִילְדֶע אוּנְד פֶערְגְרֶעבְּטֶע מִנְהָגִים, פִירוּנְגֶען, וָואס עֶקְסִיסְטִירְט

ביא דיא איינוואהנער פון דיא אבענגענאנטע ארטער, וועלכע מיר רופען „ווילדע": דיא, גייען נאקעט וויא פון דער מוטערס בויך ארויס, אונד דיא, פערדעקען זיך קוים אביסעל מיט דיא פעל פון טוידטע טהיר'ן אדער פערבינדען זיך מיט נארטלען, פארטיכער, צוזאמענגעבונדען פון בוימענבלעטטער אדער פעדערען; דיא, דינען אונד בוקען זיך צו ווילדע חיות, דיא צווייטע — צו א שטיק האלץ; דיא, פארבען זייער נאקעטען קארפער מיט א רויטע, ווייסע אדער גרינע פארב, דיא צווייטע ווידער, שמירען זיך מיט האניג אונד קוועלען קוקענדיג אויף זיך, ווען זייא קלעפען צו דעם צו פעדערען; דיא, שפייזען זיך מיט מענשען-פלייש אונד גרויסען זיך וויא מיט מעדאלען מיט דיא אפגעהאקטע קעפף פון זייערע גיהרגעטע שונאים. וועלכע זייא הייגען אויף ביא זיך אויפען האלז. אונד דיא, האבען אין זיך נאך אזא אכזריות אז זייא רעבענען פיר א געוויינליכע זאך הרגענען זייערע אלטע שוואכע עלטערען; דיא, ווען זייא געוואנען זיך איין אויף א ארט וועלען זייא שוין אזוי גיך ניט אוועקגיין פון דעם ארט זייא זאללען אפילו ליידען דארט. דיא אנדערע פארקערט, זיינען שטענדיג נע ונד, וואנדערען ארום פון איין ארט אויפען צווייטען איבער דיא גרויסע מדבריות, אונד האבען גאר ניט קיין בעגריף. וואס איזט דאס אזויגס א היימעש לעבען; אט, וואס פיר א מענשען עס געפינט זיך נאך אין אונזערע צייטען! געוואנליך, זייא זיינען יעצט א אויס נאהמע, געפינען זיך נור אין דיא ווייטע פערוואָרפענע ווינקלען פון דיא ערד, אבער וואס מעהר מיר וועלען זיך אומקוקען צו־

ריק אין ווייטען פערנאנגהייט פון דיא אלטע צייטען, וועלען מיר בעגעגענען בלויז אזעלכע סארטען מענשען;

עס איז גיוועז א צייט וואס אללע מענשען האבען ניט פארזוכט פון עץ הדעת אונד האבען געפיהרט אזא ארט לעבען וויא דיא ווילדע פון אויסטראליע, אפריקא אונד אמעריקא.

וויא אזוי זיינען זייא ארויס פון אזא פאלאזשענע (לאגע)? ווער האט זיי אויפגעעפענט אביסעל די אויגען, אויסגעלערענט נוטצליכע ארבעט אונד וויכטיגע מלאכות? וואו האבען זייא גענומען סחורה אויף בעקליידען זיך? ווער האט זייא געבויט הייזער אום צו האבען א שטענדיג וואהנונג? אט דיא אללע פראגען ערוועקט זיך באלד וויא מיא גיט נור אקלער וועגען דעם, דאס אמאהל אין ווייטען עלטער האבען אללע מענשען געפיהרט אזא ווילדען לעבען.

דיא וועלדער זיינען גיוועז דיא ליבליכסטע ערטער פון אמאהליגע מענשען, אונד אין אמת'ען איז דער וואלד זייער צוניטץ געקומען פיר דעם מענשען; עס האט זיך גימאכט א שטארקע בורע, עס גיסט א גרויסער רעגען, — אין וואלד איז שטילער אונד מיא קען זיך פערבאהאלטען אונטער דיא געדיכטע בלעטער פון דיא אלטע ביימער.

אזא מענש וואס וייסט ניט וויא צו בענוטצען זיך מיטען קראפט פון דיא ערד, וועט ער גיבער אין וואלד געפינען שפייז וויא אין דיא פוסטע ניט בעארבעטע פעלד. דארט אין וואלד איז דא פיעל חיות, וועלכע ער קען הרגענען אונד עסען זייער פלייש, עס געפינט זיך שוואממען, יאגדעס מיט וועלכע ער

קֶען שְׁטִילֶען זַיין הוּנְגֶער, אוּנְד אוֹיפֶּען עֶרְגְסְטֶען אוֹפֶן קֶעמֶען דֶערְוַוייל עֶרְהַאלְטֶען דָאס לֶעבֶּען מִיט קָארֶע פוּן דִיא בּוֹימֶער אוּנְד מִיט דִיא ווִילְדֶע גֶעוואוּקְסֶע וָואס וַואקְסֶען פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער אִין פוּסְטֶען פֶּעלְד קְרִיגְט מֶען דָאס אַלֶעס נִיט, דֶען נוּר מִיט גִיוֶועהר הָאט גִילֶעבְּט דֶער אַמָאהלִיגֶער מֶענְשׁ אוּנְד קֵיין אַנְדֶער עֵצָה הָאט עֶר נִיט גִיהַאט,

אַט אַזוֹי הָאט זִיךְ גִילֶעבְּט דֶער מֶענְשׁ נַאקֶעט ווִיא אִין טָאג וָואס עֶר אִיז גֶעבּוֹירֶען, אָהן אַ שׁוּם בַּאלֶעבַּאטִישְׁקֵייט. קֵיין הוֹיז, קֵיין שְׁטֶענְדִיג אָרְט אַוואוּ אָנְשְׁפַּארֶען דֶעם קָאפְּף. בַּאהַאלְט עֶר זִיךְ עֶרְגֶעץ אִין אַ פִינְסְטֶער לָאךְ פִיר אַ שְׁטַארְקֶען רֶעגֶען, קוּמְט אַ וָואלְף אָדֶער אַ אַנְדֶער חַיָה אַ מַזִיק נֶעמְט צוּ דָאס גוּטֶע אָרְט פִיר זִיךְ אוּנְד טְרַייבְּט אִיהם אַוֶועק פוּן דָארְט, אַלְזָא בְּאֵין בְּרֵירָה אַז דֶער נוֹיט שְׁפַּארְט קוּקְט מֶען נִיט אוֹיף קֵיין זַאךְ אוּנְד דֶער מֶענְשׁ שְׁטֶעלְט זִיךְ אַיין אִין גִיפַאהר, פֶּענְגְט אָן מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיטֶען וָואלְף. דֶעם מֶענְשׁ ווִילְט זִיךְ עֶסֶען אוּנְד עֶר מוּז זִיךְ שְׁפַּייזֶען, עֶנְטְוֶועדֶער מִיט פְּרָאסְטֶע גְרָאז אָדֶער אַיינְשְׁטֶעלֶען זִיךְ אִין סַכָּנוֹת שְׁטְרַייטֶען מִיטֶען ווִילְדֶען אָקְס, טֶאדְטֶען אִיהם אוּנְד אָנְזֶעטִיגֶען זִיךְ מִיט זַיין פְלֵייש. מִיט אֵיין וָוארְט, דֶער מֶענְשׁ אִיז דַאן גִישְׁטַאנֶען, וַויא מִיא זָאגְט, צְווִישֶׁען פַייֶער אוּנְד וַואסֶער אוּנְד קֵיין מִיטֶען וֶועג אִיז נִיט גֶעוֶוען, עֶר אִיז אִימֶער גִישְׁטַאנֶען אִין גִיפַאהר, דֶערִיבֶּער הָאט עֶר גֶעמוּזְט, כְּדֵי עֶר זָאהל קֶענֶען עֶקְסֶעסְטִירֶען. בַאזְווִינַואיֶען אִין זִיךְ דְרַייסְט, כֹּחַ, גֶעשִׁיקְטְקֵייט אוּנְד אַכְזָרִיוֹת, שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען אִין זִינֶען אַז אִיךְ וֶועל יֶענֶעם נִיט הַרְגֶענֶען

װֶעט יֶענֶער מִיךְ הַרְגֶענֶען אוּנְד מַיין לֶעבֶּען אִיז פִּיר מִיר טַייעֶרֶער װִיא יֶענֶעמְס.

עֶר קוּקְט זִיךְ צוּ צוּם לֶעבֶּען פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערֶע חֲבֵרִים, דִיא חַיוֹת, אוּנְד לֶערֶענְט זִיךְ פוּן זֵייא אָפּ דִיא גִיוָוִיינְהַייטֶען זֵייעֶרֶע װֶעלְכֶע עֶס אִיז פִּיר אִיהם נוּטְצִיג. עֶר זֶעהט דֶער פוּקְס גְרָאבְּט אוֹיס אַגְרוּבּ װָאהִין עֶר בַּאהַאלְט זִיךְ אִין אַגִיפַאהר אוּנְד הָאדֶעװֶעט דָארְט זַיינֶע קִינְדֶער, אָט, װֶען עֶס הָאט זִיךְ אִיהם צוּפֶעלְלִיגֶער װַייזֶע גֶעטְרָאפֶען נָאהנְט אַ פֶּעשְׁצֶערֶע, מְעָרָה, הָאט עֶר פוּן דֶעם גֶעמַאכְט פִּיר זִיךְ דָאס עֶרְשְׁטֶע הוֹיז.

עֶר הָאט גִיזֶעהן אַז דֶער בֶּער, װֶען עֶר שְׁטֵייט שְׁלֶעכְט אִין דֶער מִלְחָמָה מִיט זַיינֶע שׂוֹנְאִים, חַאפְּט עֶר מִיט דִיא פָאדֶערְשְׁטֶע לַאפֶּעס גְרוֹיסֶע שְׁטִיקֶער הָאלְץ, מַאכֶעװֶעט מִיט זֵייא אוּנ מִיט דֶעם פֶּערְטְרַייבְּט עֶר זַיינֶע שׂוֹנְאִים, אָט, אִיז דֶער מֶענְשׁ אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּם שֵׂכֶל בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט אַ שְׁטֶעקֶען.

נוּר דֶער מֶענְשׁ הָאט אִין זִיךְ אֵיין מַעֲלָה, װָאס אִיז נִיט אָפְּצוּשַׁאטְצֶען אוּנְד מִיט דֶעם שְׁטֵייט עֶר הֶעכֶער פוּן אַללֶע חַיוֹת, — עֶר קֶען רִיהרֶען, אַרְבֶּעטֶען מִיט זַיין מַארְךְ פוּן קָאפְּף מֶעהר װִיא אַללֶע חַיוֹת, ד. ה. עֶר הָאט שֵׂכֶל. דֶער שֵׂכֶל אִיז גָאךְ אֲפִילוּ נִיט צַייטִיג, נִיט רַאזְװִיטְנֶע, נוּר עֶר הֵייבְּט שׁוֹין אָן בִּיסְלַאכְוַייס אוֹיסְשַׁארְפֶען זִיךְ אוּנְד גִיט מִיגְלַאכְקֵייט דֶעם מֶענְשׁ, מִיט אַזוֹינֶע זַייטִיגֶע קְלוּגֶע מִיטְלֶען עֶרְפִילֶען זַיין גֶעבְרוֹיךְ, װֶעלְכֶעס מִיט זַיין קֶערְפֶּערְלִיכֶען גֶעבּוֹי אִיז עֶר נִיט אִימְשְׁטַאנְד דָאס צוּ בֶּעקוּמֶען. דֶער מֶענְשׁ הָאט גִיזֶעהן אַז דֶער װִילְדֶער אָקְס, װֶען עֶר בָּארֶעט זִיךְ מִיט אַנְדֶערֶע װִילְדֶע טְהִירְן, אַרְבֶּעט

ער זייער געשיקט אונד פלייסיג מיט זיינע הערנער אונד דורך דעם איז ער זייא מנצח, אט, אז ער האט געפונען א סקעלעט פון א געפגרטען אקס, האט ער אפגיבראכען דעם הארן ארויפגיזעצט אויף א שטיק האלץ, אונד אזוי איז ארויסגיקומען דיא ערשטע פיקע. נאך א צווייטע וויכטיגע מעלה האט דער מענש געגען אללע אנדערע לעבעדיגע בעשעפעניש, — דיא הענד. (נור דיא אפפע קען זיך אין דעם אביסעל פערגלייכען מיט איהם). מיט דיא הענד, קען ער געשיקטער קלאפען מיטען שטעקען וויא דער בער מיט זיינע גראבע פאדערשטע לאפעס; מיט דיא הענד, קען ער ווארפען א שטיין אדער א שטיק האלץ אויף א ווייטע שטרעקע אונד הרגענען דערוויל זיין שונא דיא ווילדע טהיר איידער זיא אויספעיעט צוגיין צו איהם. מיט איין ווארט, הגם פיזיטשעסקי, קערפערליך, איז דער מענש כמעט דיא שוואכסטע בריה פון אללע שכנים פון וואלד, פונדעסטוועגען איז ער שוין באלד אין אנפאנג געוועזען זייער א גיפערליכער געגנער זייערע, ווייל ער איז קליגער אונד רירענדער פיר זייא.

ווען יעצט אז דער יעגער האט ביא זיך א שטאלענעם געשיקטשיסענדעם פיסטאלעט אונד א גוטע ביקס, פונדעסטוועגען איז ער איינגעשטעלט מיטען לעבען, ווען ער באַרעט זיך מיט א גרויסע פיערפיסיגע טהיר, פארשטייט זיך אז אמאהל ווען דאס גאנצע גיוועהר איז בעשטאנען אין א שטיין אדער א שטעקען מיט א הארן אויפען שפיץ, האט זיך אזוינע אומגליקען געטראפען זייער אפט אונד געווים איז דאן זייער

פִֿיעל מֶענְשֶׁען אַוֶועק יוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט, פוּן דֶעם לַייבְּס אוּנְד בֶּערְס נָאגֶעל, פוּן דֶעם וָואלְפְֿס אוּנְד טִיגֶערְס צֵיינֶער אוּנְד דִיא הֶערְנֶער פוּן ווִילְדֶען אָקְס.

וֶוען מִיר שְׁטַארְבֶּען נִיט ווִינְטֶער פוּן דִיא קֶעלְט וָואס הֶערְשְׁט אִין אַללֶע צָפוֹן לֶענְדֶער, הָאבֶּען מִיר צוּדַיינְקֶען דִיא וָואס גֵייעֶן אוּנְז פוּטֶערְס, בּוֹיעֶן אוּנְז פֶערְמַאכְטֶע הַייזֶער אוּנְד אוּנְזֶער ווִיסֶען וֶועלְכֶע שְׁפַּייז אוּנְד גֶעטְרֶאנְקֶע עֶרְוַוארֶעמְט דֶעם קֶערְפֶּער. אָבֶּער דֶער אַמָאהלִיגֶער ווִילְדֶער מֶענְשׁ הָאט נָאר נִיט גֶעוואוּסְט ווִיא מִיא אַרְבֶּעט דִיא אַללֶע פִֿיר אוּנְז נוּטְצִיגֶע פְֿרֶעדְמֶעטֶען. דֶערִיבֶּער פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז נוּר דַאן הָאט דֶער מֶענְשׁ גֶעקֶענְט זִיךְ בֶּעזֶעטְצֶען אִין דִיא קַאלְטֶע לֶענְדֶער, וֶוען עֶר הָאט שׁוֹין וָואס אִיז דֶערְגַיינְגֶען נוּטְצִיגֶע ווִיסֶענְשַׁאפְֿט, אוֹיסְגִילֶערֶענְט זִיךְ מִיט אֵייגֶענֶע שֵׂכֶל'דִיגֶע מִיטְלֶען פַארְרִיכְטֶען דִיא פֶעלֶערֶען פוּן דִיא נַאטוּר. דֶער עֶרְשְׁטֶער מָקוֹם מְנוּחָה פוּן מֶענְשׁ אִיז גֶעוֶוען, ווִיא עֶס וַוייזֶען אוֹיף גֶעלֶערְטֶע; וַוארֶעמֶע לֶענְדֶער. גֶעלֶעבְט הָאבֶּען זֵייא אִין דִיא וַוארֶעמֶע לֶענְדֶער זָא ווִיא עֶס זַיינֶען גֶעוֵויט צוּ לֶעבֶּען ווִילְדֶע אוּנְוִויסֶענְדֶע מֶענְשֶׁען; גֶעוָואהנְט אִין וַואלְד, פֶערְבַּאהַאלְטֶען זִיךְ אִין דִיא מַעֲרָה'ס אוּנְד אוֹיף דִיא בֵּיימֶער, גִיבָּארֶעט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג מִיט דִיא ווִילְדֶע חַיּוֹת אוּנְד גֶעגַיינְגֶען נַאקֶעט, גֶעשְׁפַּייזְט הָאבֶּען זֵייא זִיךְ מִיט דִיא פְֿלֵיישׁ פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע טְהִירֶן, וֶועלְכֶע, וֶוען זֵייא הָאט גֶעגְלִיקְט צוּ חַאפֶּען הָאבֶּען זֵייא דָאס גִיטֵיידְט; ווִיעדֶער הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשְׁפַּייזְט מִיט יַאגֶדעס, שְׁוָואמֶען אוּנְד מִיט דִיא פֵּירוֹת פוּן דִיא פְֿרוּכְטְבּוֹימֶער, וֶועלְכֶע ווִיא עֶס אִיז בֶּעוואוּסְט,

וואַקסט אין דיא וואַרעמע לענדער פון זיך זעלבסט, נאָר אָהן אַרבעט אונד אַבאַכט פון מענשען. געוויס האָבען דאַן שוין דיא מענשען געוואוסט פון פיש, דען זייא האָבען ניט געקענט ניט בעמערקען אַז איינינע חיות שפייזען זיך מיט דעם. געוויינליך, וועגען קאָבען פיש קען נאָר קיין רעדע ניט זיין אַז זייא האָבען נאָר ניט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס. עס איז געוויס אַוועק אַלאַנגע צייט אידער דער מענש האָט זיך אויסגעלערענט בעקוממען פייער אונד בענוטצען זיך מיט דעם אויף זיינע פערשידענע געברויכע. איבערהויפט אין דיא וואַרעמע לענדער איז דער געברויך פון פייער אַ קלענערער וויא אין דיא קאַלטע, דעריבער האָט מען אויף דעם ווינציג אַבאַכט געגעבען *).

וויא מיר ווייסען שוין, האָט דער מענש אָנגעהויבען פערבאַהאַלטען זיך אין היילען, מערות, אונד דאָס איז געווען זיין וואָהנונג. נור אַזעלכע וואָהנונגען איז אין דיא בערגעדיגע ערטער ניט קיין יקר המציאות, עס געפינט זיך אומעדום, פאַרשטייט זיך אַז זייא האָבען ניט געזאַלעוועט בייא יעדען קלענסטען צופאַל אַוועקוואַרפען דיא וואָהנונגען, דען, זייא זיינען געווען

---

*) נאָך מיט 300 יאָהר צוריק האָט דער בעוואוסטער מעער־רייזענד. דער מאַגעלאַן Магеланъ געפונען אויף אַ אינזעל, ווילדע, וועלכע האָבען ניט געוואוסט אַז עס געפינט זיך דער מין פייער אויף דער וועלט אונד מיא קען פון דעם האָבען אַ נוטץ. דאָס פייער וואָס ער האָט געמאַכט, האָבען דיא ווילדע אָנגענומען פיר אַ שרעקליכעם טהיר, דער פלאַם האָבען זייא גערעכענט איז דער צונג מיט וועלכען דאָס טהיר בייסט, אונד דער רויך איז זיין אָטהעם.

זיבער אז זיא וועלען קריגען אנדערע. דיא באלעבאטישקייט זייערע איז בעשטאנען אין א שטיינערנעם אדער הילצערנעם געוועהר, אונד זעלטען אמאהל אין א פעל פון א טהיר וואס זיא פלעגען טראגען אויף דיא פלייצעס. מיט אזא באלעבא־טישקייט איז ניט קיין טרחה בייטען דיא וואהנונג, דעריבער איז ניט קיין וואונדער וואס דיא ווילדע זיינען ניט איינגעזעסען אויף איין ארט.

כל זמן עס האט זיך נאך געפונען אין דעם ארט אוואז זיא זיינען געזעסען, אזעלכע טהירן וואס זיא קענען געברויכען זייער פלייש צום עסען, ווען דעם לייב אדער דעם טיגער האט נאך ניט אנגעשמעקט זייער וואהנונג דיא פעשצערע. מערה, אונד כל זמן דיא קינדער זייערע זיינען געווען נאך זא קליין אז דיא האבען ניט געקענט נאכגיין נאך דיא עלטערען אונד מיטהעלפען קריגען שפייז אויף זיך ערנערען, דאן האבען זייא זיך גיסטארעט וויא ווייט מעגליך, זיטצען אויף איין ארט, ניט זוכען קיין בעסערס. נור וויא באלד דיא פרעדמעטען מיט וועלכע זייא שפייזען זיך ווערט ווינציגער, וויא באלד אויף דיא פעשצערע פענגט אן אנפאללען א שטארקעס רייבענדעס טהיר, קוים דיא קינדער קענען שוין אליין ערווערבען עטוואס שפייז, ווארפט דער ווילדער אוועק זיין ארט, מיט וועלכען ער האט קיינעס וואס זאלל איהם צובינדען צו דעם, אונד גייט ווייטער.

דאן אין יענע צייטען איז ניט געווען קיין חלוק אין לעבען צווישען פרויען אונד מאנספערזאנען. אללע האבען

גליך געארבעט אונד עס איז ניט געווען קיין גרויסע נפקא מינה פון מיינס ביז יענעמס. נור ווען דיא קינדער זיינען געווען קליין האבען דיא פרויען געזעסען נעבען זייא אונד אפגעהיט פון דיא ווילדע טהירן, אבער קוים זיינען דיא קינדער אביסעל אונטערגיוואקסען אז מיא האט שוין ניט געברויכט אכטונג געבען אויף זייא, האבען זייא זיך צושפרייט יעדערער אין א אנדער ארט, זוכען שפייז. פארשטייט זיך אז ביא אזא ארט לעבען, איז וועגען פאמיליע-לעבען אין זינען וויא מיר מיינען, האבען זייא ניט געקענט האבען קיין בעגריף.

דאס ווייסען מיר, אז דער אמאהליגער מענש ווייענדיג אין וואלד האט געברויכט אימער פיהרען מלחמות, ערשטינס האט ער געמוסט אפבראנען זיך פון דיא ווילדע שטארקע טהירן וואס זיינען אנגעפאללען אויף איהם, צווייטענס איז ער געווען געניט, אום ער זאלל קענען עקסיסטירען אויף דער וועלט, ד. ה. ער זאלל האבען שפייז צו עסען, אנפאללען אויף דיא טהירן אונד עסען זייער פלייש, וויעדער האט ער געמוסט זיך כטארען מיט קינסטליכע מיטלען ערפילען די פעהלערען פון די נאטור. דעריבער האט ער געמוסט ענטוויקלען אין זיך כח געשיקטקייט אונד חיטראסט. דיא יעצטיגע ווילדע האבען אויך דיא אללע פעהיגקייט. דיא רייזענדער בעוואונדערן זייער אונגעהייער שטארקייט, וועלכע גיט זיי מעגליכקייט גאר אהן א שום גיווער שטרייטען מיט א בער אונד איהם ביישטיין. דיא רייזענדער דערציילען אז דיא רויטע ווילדע אמעריקאנער קענען אויף א שטרעקע פון 2—3 ווערסט לויפען זא געשיקט וויא

דִיא גֶעשִׁיקְסְטֶע פָּאר פֶּערְד. דִיא ווִילְדֶע, חֶעלְכֶע וָואהנֶען בַּיי אַ בְּרֶעג טַייךְ, שְׁווִימֶען אַנְטִיק, קֶענֶען אַ לַאנְגֶע צַייט לִיגֶען אוּנְטֶערן וַואסֶער אוּנְד חַאפֶּען דִיא פִּישׁ מִיט דִיא הֶענְד. וֶוען נִיט דִיא סְפָּאסָאבְּנָאסְטֶען (פֶעהִיגְקֵייט) זֵייעֶרֶע וָואלְטֶען דִיא אַמָאהלִיגֶע מֶענְשֶׁען נִיט גֶעקֶענְט עֶקְסִיסְטִירֶען בַּייא דִיא גֶעפֶערְלִיכְקֵייט וָואס זֵייא אִיז פָּארְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט אוּנְד שְׁרִיט.

בַּאלְד אִין אָנְפַאנְג הָאט שׁוֹין דֶער מֶענְשׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְקְלֶערֶען פֶערְשִׁידֶענֶע קִינְסְטְלִיכֶע מִיטְלֶען אוֹיף אָפְּבְּרָאגֶען זִיךְ. דִיא שְׁטֶענְדִיגֶע אוּנְזִיכֶערְהֵייט מִיטֶען לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע לֶעהְרֶערִין פוּן מֶענְשׁ. ווִיא מִיר ווֵייסֶען אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע גֶעוֶוער זַיינֶע גֶעוֶוען: אַ שְׁטֶעקֶען אוּנְד אַ שְׁטֵיין. דִיא הַארְטְקֵייט אוּנְד שַׁארְפְקֵייט פוּן שְׁטֵיין הָאט אִיהם גֶעבְּרֶענְגְט אוֹיף אַ גֶעדַיינְק, גֶעבְּרוֹיכֶען דִיעֶזֶעס נִיט נוּר ווִיא אַ וַוארְפֶענְדֶעס גִיוֶוער. מִיט דֶעם צְוֶועק הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּלֵייגֶען דָאס צוּ אַ שְׁטֶעקֶען, רַייבֶּענְדִיג אָדֶער קְלַאפֶּענְדִיג מִיט אַ צְווֵייטֶען שְׁטֵיין הָאט עֶר אָנְגֶעפַאנְגֶען אִיהם אִיבֶּערְמַאכֶען אִין אַ אַנְדֶער פָארְמֶע, אוּנְד אוֹיף אַזַא אוֹפֶן אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַזוֹינְס וָואס הָאט גֶעהַאט אַ פָּנִים ווִיא אַ הַאק אָדֶער אַ הַאמֶער, וֶועלְכֶעס מִיט דִיא הַארְטְקֵייט אוּנְד זֵייעֶר שְׁוֶוערֶען קְלַאפּ הָאבֶּען אִיהם זֵייעֶר אָפְט גוּט גֶעדִינְט אִין אַ מִלְחָמָה מִיט דִיא טְהִירֶען. אַזֶעלְכֶע הֶעק אָדֶער הַאמֶערְס הָאט מֶען גֶעפוּנֶען זֵייעֶר פִיעל אִין פֶערְשִׁידֶענֶע לֶענְדֶער פוּן אֵייְרָאפַּא אוּנְד אַזְיָא. אַמָאהל ווִיעֶדֶער פְלֶעגֶען זֵייא צוּבִּינְדֶען אַ שְׁטֵיין מִיט אַ פַאס פֶעל פוּן אַ גֶעהַרְגֶעטֶעס

פּוּיר צו אַ עק שטעקען אונד עס איז אַרויסגעקומען אַזאַ סאָרט וויא אַ בולעווע.

מיר ווייסען שוין וויא אַזויא עס איז אַרויסגעקומען דיא ערשטע פּיקע פון אַ האָרן. אויסער דיא פּיקעס איז געווען אויך אַזעלכע וואָס אויפען עק שטעקען איז געווען אָנגעבונדען אַ שאַרפער שטיין. אַז עס זאָלל אַרויסקומען אַזאַ סאָרט פּיקע האָט מען אָנגעשפּאָלטען איין עק שטעקען, אין שפּאַלט אַריינגעשטעלט אַ שאַרף שטיין אונד מיא האָט דאָס שטאַרק צוגעבונדען מיט אַ פּאַס.

אין איינינע ערטער איז געפונען געוואָרען שאַרפע שטיינער וואָס האָבען אַ פאָרמע וויא אַ אַרט אונזערע אַ געוויינליכע מעסער, אונד עס זעהט אויס אַז עס איז אַרומגעאַרבעט געוואָרען מיט מענשליכע הענד, ניט פון דער נאַטור זעלבסט איז דאָס אַזויא אַרויסגעקומען.

וואָהנענדיג אימער אין וואַלד אונד קוקענדיג אויף אַללעס וואָס געפינט זיך אַרום איהם, האָט דער מענש געמוזט ניט וויללענדיג בעמערקען דיא נאַטור פון דיא חיות אויך דיא נאַטור פון דיא ביימער. דאָס ווייסען מיר דאָך אַז אַכטונגגעבענדיג אויף דיא נאַטור פון דיא טהירן איז ער דערגאַנגען מאַכען זיך אַזוינס וואָפען געוועהר. אַכטונגגעבענדיג אויף דיא נאַטור פון דיא ביימער, האָט ער בעמערקט אַז דיא דינגע גרויסע צווייגען קענען זיך בייגען. ער האָט געזעהן מיט וואָס פיר אַ קראַפט אַ צווייגעל ווען מיא בייגט זיא איין, ניט אַ שטאַרקען קלאַפּ צוריק אונד צילעוועט זיך שטענדיג. בלייבען

אויף איהר נאטירליכען שטאנד. ער האט בעמערקט דיא איינענע נאטור אין דיא ביינער פון איינינע פישען. ניט איינמאל האט ער געקריגען א שטארקען קלאפ פון א איינגעבויגענע צוויינעל. פיללייכט האט זיך געטראפען אז ווילדיג האפען א פויגעל וועלכע איז געשטאנען אויף איין צווייגעל אונד איינביינענדיג דאס אום צו האפען דיא פייגעל, ווען ער האט גראדע ניט ווילענדיג אפגעלאזען דאס צווייגעל, איז מיטען קלאפ וואס זיא האט געגעבען קומענדיג צוריק אויף איהר ארט איז דאס פייגעל געהארגעט געווארען, דאס האט איהם ארופגעפיהרט אויף א געדאנק בענוטצען זיך מיט דעם קראפט פון איינגעבויגענעם האלץ אונד אזויא איז ארויסגעקומען א באגען (Лукъ).

דער פערוואביטענער אמאהליגער באגען איז בעשטאנען פון א לאנגע ניט זייער קיין איינגעבויגענע דוגא, דיא ביידע עקען זיינען געוועזען צוגעבונדען מיט דיא אדערען פון טהירן. געוויינליך אנציהען אזא דוגא איז געוועזען שווער, נור דער אמאהליגער מענש וואס האט געקענט שטרייטען גאר יאהן געווער מיטען בער אונד איהם ביישטיין האט געווים געהאט גענוג כח אויף דעם.

מיט דיא באגענס האט מען געווארפען א שטיק האלץ אונד אויפען שפיץ אנגעבונדען א שטיין אדער אביין. אזא אויסשאס קלאפ פון א באגען איז געוועזען שטארקער אונד געפלויגען אויף א סך א ווייטערע שטרעקע וויא א שטיין וואס מיא ווארפט מיט דיא הענד. ווען דער מענש האט זיך ערוואוסט פון דיא

גיפּטינֶע סָאקען פון איינינֶע גֶעוויקסֶע הָאט עֶר אָנגֶעפאנגֶען שמירען דיא גֶעווֶעהר מיט די סָאקען כּדי זיכֶערֶער טאדטע דֶעם שׂוֹנא.

אָט וָואס פיר אַלֶעבֶען אַמָאל אין וַוייטֶען פַארגַאנגֶענהַייט הָאבֶּען מֶענשֶׁען גֶעפיהרט. וויא קֶענֶען מיר פָארשׁטֶעלֶען זיך זֵייעֶרע זיטטען וויססענדיג זֵייעֶר לֶעבֶּען? זֵייא זַיינֶען גֶעווֶען שלעכטֶע, אַכזָרים, בּייזֶע, הָאבֶען ניט גֶעוואוּסט פון קיין פאמיליֶע־לֶעבֶּען אוּנד הָאבֶען ניט גִיהַאט קיין אַנדֶער צוועק אין לֶעבֶען וויא: אָנשׁטָאפּען דֶעם חוֹמר, קריגֶען וָואס צוּ עֶסֶען, דיא אֲכילָה, דָאס איז גֶעווֶען זֵייעֶר אֵיינצֶעלנֶער קלֶער, אוּנד אַזוֹיא וויא דָאס צוּ בֶּעקוּמֶען איז גֶעווֶען בֶּעשׁרֶענקט מיט פיעל שׁווֶעריגקייטֶען, דֶעריבֶּער הָאט דֶער מֶענש זַיין גַאנצֶען גֶעדַאנק, פֶערשׁטַאנד אוּנד שׂכל אָנגֶעשׁטֶרענגט נוּר אוֹיף בּייקוּמֶען דיא בֶּעשׁווֶעריגקייטֶען.

קיין איבּערקלַייבֶּערִס אין עֶסֶען הָאבֶּען זֵייא ניט גֶעקֶענט זיין, וַוייל דיא פרֶעמדֶעמֶעטֶען פון עֶסֶענוַוארג איז דַאן גֶעווֶען זֵייעֶר ווינציג, דֶען זֵייא הָאבֶּען נָאך ניט גֶעוואוּסט פון דיא טַייעֶרֶע מַתָּנוֹת וָואס דיא נַאטוּר הָאט גֶעשֶׁענקט דֶעם מֶענש ווֶען עֶר וויל אוּנד קֶען אַרבֶּעטֶען, דֶעריבֶּער וָואס עֶס איז זֵייא נוּר אוּנטֶערגֶעקוּמֶען אוּנטֶערֶען הַאנד הָאבֶּען זֵייא אַלֶעס גֶעגֶעסֶען אַבי דָאס זָאלל זֵייא נוּר קֶענֶען שׁטילֶען דֶעם הוּנגֶער. גֶעווִיס הָאבֶּען דיא מֶענשֶׁען פון יֶענֶעם פֶּעריָאד (צַייט) גְלַייך וויא איינינֶע נַארָאדֶען פון אוּנזֶער צַייט ניט גֶעבְּרַאקירט מיט מֶענשֶׁען־פלֵייש.

בַּייא אַזַא פַארְגֶרֶעבְּטֶען ווִילְדֶען שְׁטַאנְד הָאט נִיט גֶעקֶענְט זַיין .קֵיין קְלָארֶער, רֵיינֶער אֱמֶת'ֶער פֶערְשְׁטַאנְד פוּן גָאטְהַייט. אֵיינִיגֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט רֶעסְפֶּעקְט (אוּוַואשֶׁזֶענֶע) פִּיר דִיא סְטְרַאשְׁנֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישֶׁען, דֶערִיבֶּער דִיא שְׁטַארְקֶע רוֹיבְּטִהִירֶן, וָואס זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט מְנַצֵחַ זַיין, וְויא לְמָשָׁל, אַלֵייב, אַ הֶעלְפַאנְד א. ז. וו. הָאבֶּען זֵייא גֶערֶעכֶענְט פִיר גֶאטֶער, ד. ה. זֵייא זַיינֶען דִיא שְׁטַארְקֶערֶע פוּן אַללֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ דֶערִיבֶּער זַיינֶען זֵייא דִיא בַּעֲלֵי בַּתִּים פוּן דֶער וֶועלְט אוּנְד מִיא מוּז זַיין אוּנְטֶערְטֶעני־ אוּנְד מוֹרָא הָאבֶּען פִיר זֵייא. אַנְדֶערֶע ווִיעדֶער הָאבֶּען אָפּ־ גֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד דִיא פְּרֶעדְמֶעטֶען וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרֶענְגְט אַנוּטְץ, לְמָשָׁל, דִיא גְרוֹיסֶע בְּלֶעטֶערְדִיגֶע בֵּיימֶער, דִיא קְלָארֶע לִיכְטִיגֶע זָאנְגֶע א. ז. וו.

נוּר הַגַּם דִיא לַאגֶע זַיינֶע סַאי אִין גַשְׁמִיוּת סַאי אִין רוּחְנִיוּת אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר אַ שְׁלֶעכְטֶע, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דֶער מֶענְשׁ נָאר נִיט אִין עֶרֶךְ הֶעכֶער גֶעשְׁטַאנֶען ווִיא זַיינֶע אַרוּמִיגֶע שְׁכֵנִים דִי טְהִירֶן, דֶען ווִיא מִיר וֵוייסֶען, בַּאלְד אִין אָנְפַאנְג אִיז עֶר שׁוֹין דֶערְנַאנְגֶען מַאכֶען עֶטְוָואס גֶעוֶועהר, וַוייל עֶר הָאט אַ סְפָּאסָאבְּנָאסְט, דֶענְקֶען. אָט דִי מַעֲלָה זַיינֶע הָאט אִיהם נִיט גֶעלָאזְט בְּלַייבֶּען אוֹיף אֵיין מַדְרֵגָה עֶנְטְווִיקְלוּנְג, זִיא הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען מֶעגְלִיכְקֵייט, בִּיסְלַאכְוַויים, לַאנְגְזַאם פַארְבֶּעסֶערֶען זַיין לַאגֶע בִּיז אַם עֶנְדֶע אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אוֹיף דִיא שְׁטוּפֶּע אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר גֶעפִינְט זִיךְ יֶעצְט. דֶער וָואלְף מִיט וֶועלְכֶען עֶס הָאט גֶעשְׁטְרַייט אַמָאל אִין וַוייטֶען עֶלְטֶער, נָאךְ פַאר מַהֵ:

תּוֹרָה. אוּנְזֶער נַאקֶעטֶער ווִילְדֶער זֵיידֶע, אִיז גֶעבְּלִיבֶּען כִּמְעַט דֶערְזֶעלְבֶּער וָואלְף וָואס אַמָאל, עֶר אִיז נִיט גֶעוָוארֶען, נִיט אֵיידֶעלֶער, נִיט בֶּעסֶער, נִיט קְלִיגֶער אוּנְד נִיט זִיכֶערֶער מִיטֶען לֶעבֶּען, דֶען עֶר הָאט קֵיין זַאפַּאס פוּן עֶסֶענְוַוארְג. אָבֶּער דֶער מֶענְשׁ וָואס אִיז גֶעוֶוען זָא בֵּייז אוּנְד ווִילְד ווִיא דֶער וָואלְף אִיז יֶעצְט אִין אַללֶע הִינְזִיכְטֶען גָאר גִיט דֶער אֵייגֶענֶער.

כְּדֵי דֶער מֶענְשׁ זָאלל קֶענֶען מְנַצֵּחַ זַיין דִיא שְׁטַארְקֶערֶע חַיוֹת פִּיר אִיהם, הָאט דֶער לֶעצְטֶערֶע גֶעמוּסְט אוֹיסְקְלֶערֶען פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעוֶוער, ווִיא אַ הַאמֶער, אַ שְׁפִּיז אוּנְד אַ בָּאגֶען; נוּר דֶער זִיעג (בַּייקוּמֶען) אִיז זִיכֶערֶער ווֶען עֶס ווֶעלֶען צוּזַאמֶען שְׁטְרַייטֶען אוֹיף דִיא טְהִיר עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען. „טוֹבִים הַשְּׁנַיִם מִן הָאֶחָד, אֲשֶׁר יֵשׁ לָהֶם שָׂכָר טוֹב בַּעֲמָלָם" הָאט קֹהֶלֶת גֶעזָאגְט. אַז צְווֵייא מֶענְשֶׁען אַרְבֶּעטֶען צוּזַאמֶען, אַרְבֶּעטֶען זֵייא אוֹיס מֶעהר ווִיא יֶעדֶערֶער וָואללְט גֶעאַרְבֶּעט בֶּעזוּנְדֶער. דִיא פְּרַאקְטִיקֶע אַלֵיין הָאט זֵייא גֶעמוּסְט עֶרְקוּנְדִיגֶען אִין דֶעם, דֶערִיבֶּער, ווִיא ווִילְד דֶער מֶענְשׁ אִיז גִיוֶוען פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר פָּארְט נִיט גִיקֶענְט נִיט בֶּעמֶערְקֶען אַז אִין צְווֵייעֶן אִיז שְׁטַארְקֶער, אוּנְד עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ חַבֶרֶן זִיךְ מִיט נָאךְ אַזַא צְווֵיי־פִיסִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ ווִיא עֶר, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעקֶענְט מִיט דִיא הִילְפֶע פוּן רֶעדֶען — הַגַם נִיט זֵייעֶר קֵיין פָּאלְקָאמֶענֶע שְׁפְּרַאךְ... פַארְשְׁטֵיין אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע. דֶערִיבֶּער הָאבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען כִּמְעַט בַּאלְד ווִיא זֵייא זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער ווֶעלְט אוֹיפְגֶעהֶערְט לֶעבֶּען בֶּעזוּנְדֶער, אַלֵיין, אוּנְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען קָאמְפַּאנִירֶען זִיךְ. דִיא נֶעהֶנְסְטֶע מֶענְשֶׁען צְווִישֶׁען זִיךְ

זַייגֶען גֶעוֶועזֶען, נָאךְ דֶעם אִינְסְטִינְקְט (גֶעבּוֹירֶענֶער גֶעפִֿיהל)׃ אֵייגֶענֶע קִינְדֶער, וֶועלְכֶע דֶער ווִילְדֶער פְּלֶעגְט אִין זֵייעֶר קִינְדְ־הַייט זָארְגֶען פִֿיר זֵייא. זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גִּיכֶער גֶעקֶענְט אוּנְד גֶעוֶועזֶען גֶעוֶוייְנְט אֵיינֶע מִיט דִיא אַנְדֶערֶע דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זֵייא נָאכְהֶער גֶעקֶענְט גִּיבֶער לֶעבֶּען אִין אַחְדוּת, אוּנְד אַזוֹיא אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַ פַֿאמִילְיֶע, וֶועלְכֶע דִיא טְשְׁלֶענֶעס פֿוּן דֶעם זַיינֶען גֶעוֶועזֶען גֶעבּוּנְדֶען מִיט אִינְסְטִינְקְטִיגֶע לִיעבֶּע אוּנְד אִיבֶּערְ־הוֹיפְּט מִיט דֶעם וָואס יֶעדֶערֶער הָאט זִיךְ גֶעפִֿיהלְט אַבִּיסֶעל שְׁטַייפֶֿער גֶעגֶען דִיא רוֹיבֶּענְדֶע טְהִירֶן. וֶוען דִיא פַֿאמִילְיֶע הָאט זִיךְ פַֿארְגְרֶעסֶערְט, בַּייא דִי זִיהן אוּנְד טֶעכְטֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען קִינְדֶער אוּנְד פֿוּן דִיא קִינְדֶער אִיז ווִיעדֶער אַרוֹיסְ־גֶעקוּמֶען אַ נַייעֶר דוֹר א. ז. וו. דַאן אִיז שׁוֹין גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶער שֵׁבֶט אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען זַייגֶען נָאךְ מֶעהר אַרוֹיס פֿוּן גִיפַֿאהר, וַוייל פִֿיר יֶעדֶען זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען צוּ הִילְף זַיינֶע קְרוֹבִים. וֶוען אֵיינֶער פֿוּן זֵייא הָאט אוֹיסְגֶעקְלֶערְט אַ נַייעֶס גִיוֶועהר, הָאט דִיא עֶרְפִֿינְדוּנְג גִיהֶערְט צוּם גַאנְצֶען שֵׁבֶט. יֶעדֶערֶער הָאט גֶעוואוּסְט פֿוּן דֶעם. וֶוען אֵיינֶער לְמָשָׁל אִיז דֶערְגַאנְגֶען ווִיא מַאכֶען פֿוּן אָדֶערֶען אוּנְד פֶֿעל אַ שְׁלִינְג — פַֿאנְג אוֹיף הַאפֶּען פָֿאגֶעל. הָאט שׁוֹין יֶעדֶער טְשְׁלֶען פֿוּן שֵׁבֶט גֶעקֶענְט זִיךְ מַאכֶען אַזַא גִיוֶועהר אוּנְד גְרִינְגֶער עֶרְוֶוערְבֶּען שְׁפַּייז. גֶעווִיס נִיט אֵיינְ־מָאהל הָאט גֶעמוּסְט אַרוֹיסְקוּמֶען אַ קְרִיג צְווִישֶׁען דִיא פַֿאמִילְיֶע צוּלִיב אַ גֶעהַרְגֶעטֶעס טְהִיר, אַ גֶעפַֿנְגֶערְט פָֿאגֶעל א. ז. וו. אוֹיף וֶועלְכֶע יֶעדֶער הָאט גֶעטַעַנְט כּוּלָּה שֶׁלִי, עֶס גֶעהֶערְט נוּר מִיר ווַייטֶער קֵיינֶעם. אוֹיסְגֶעפִֿיהרְט הָאבֶּען גֶעווִיינְלִיךְ דִיא שְׁטַארְ־

קָערְע אוּנְד דִיא אוּנְצוּפְרִידֶענֶע הָאבֶּען אַוֶועקְגִיוָוארְפֶען דֶעם שֵׁבֶט אוּנְד זַיינֶען אַוֶועק וַואנְדֶערְען, עֶנְטְוֶועדֶער יֶעדֶערֶער בֶּעזוּנְדֶער אָדֶער זַייא הָאבֶּען זִיךְ פַּארְפִיהרְט אַ אֵיינֶענֶעם קְרוּשְׁוָאק. נוּר סַאי וויא, מֶענְשֶׁען זַיינֶען שׁוֹין אַרוֹיס פוּן גֶעפַאהר פִיר דִיא ווילְדֶע טְהִירְן, אַ דַאנְק זַייעֶר קָאמְפַּאנִירֶען זִיךְ; נָאךְ מֶעהר, פְרִיהֶער הָאט דֶער מֶענְשׁ גֶעוָואלְט זִיךְ נוּר אָפְּבְּרָאנֶען, מִיא זָאל נוּר אִיהם קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט טְהוּן, אָבֶער יֶעצְט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶער בַּעַל הַבַּיִת אִיבֶּערֶען וַואלְד, הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַּארְפָאלְגֶען אַלֶעס וָואס הָאט אִיהם נוּר עֶפֶּעס גֶעשְׁטֶערְט. דִיא שְׁבָטִים הָאבֶּען גֶעוַואנְדֶערְט אִיבֶּער פֶעלְד אוּנְד וֶועלְדֶער אוּנְד גֶעשְׁפַּייזְט זִיךְ פוּן פָאלֶעוַואנְיֶע. אַז וַואנְדֶערֶענְדִיג הָאט זִיךְ אֵיין שֵׁבֶט גֶעטְרָאפֶען מִיטֶען צְוֵוייטֶען, וֶוען דִיא הָאבֶּען גֶעזֶעהן אַז דִיא צְוֵוייטֶע הַרְגֶענֶען חַיוֹת, חַאפֶּען פִישׁ אוּנְד פָאגֶעל, הָאבֶּען זַייא גֶערֶעכֶענְט זַייא פִיר שׂוֹנְאִים וָואס גֶעמֶען אַוֶועק דֶעם בִּיסֶען פוּן מוֹיל אוּנְד צְווִישֶׁען זַייא אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַ בְּלוּטִיגֶע קְרִיג. נָאךְ דֶער מִלְחָמָה הָאבֶּען דִיא זִיעגֶער (דִיא וָואס הָאבֶּען מְנַצֵחַ גִיוֶוען) גִימַאכְט אַ בַּאל אוּנְד הָאבֶּען מִיט שִׂמְחָה גִיפְרֶעסֶען דִיא פְלֵיישׁ פוּן זַייעֶרֶע גֶעהַרְגֶעטֶע שׂוֹנְאִים. אַמָאל פְלֶעגֶען זַייא אוֹיסְשְׁנַיידֶען בַּייא דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע פְלֶענִיקֶעס שְׁטִיקֶער וַוייכֶע פְלֵיישׁ אוּנְד פְרֶעסֶען דָאס אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע. אַזֶעלְכֶע מֶערְדֶערַאיֶען זֶעהט מֶען נָאךְ הַיינְטִיגֶע צַייטֶען בַּייא דִיא ווילְדֶע פוּן אוּסְטְרַאלְיֶע, אַפְרִיקָא אוּנְד אַמֶערִיקָא. אִין דִיא אַלְטֶע צַייטֶען אִיז דָאס גִיוֶען בַּייא אַללֶע נַארָאדֶען אֵיינֶע פוּן דִיא גֶעווֵיינְלִיכֶע זַאכֶען.

---

II

וַאנְדֶערֶענְדִיג אִיבֶּער דִיא וֶועלְדֶער, הָאבֶּען זִיךְ דִיא מֶענְשֶׁען גֶעשְׁפַּייזְט בְּלוֹיז פוּן פָּאלֶעוָואנֶיֶע, וֶועלְכֶע אִיז גִיוֶועןְ שְׁטַאר־ק אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט'ן לֶעבֶּען אוּנְד ..קיין בֶּעשְׁטִימְט אָרְדְנוּנְגְס לֶעבֶּען הָאבֶּען זַייא בַּייא דֶעם נִיט גֶעקֶענְט פִיהרֶען. דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעמוּזְט עֶסֶען נִיט דַאן וֶוען עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעוָואלְט נוּר דַאן וֶוען עֶס הָאט אִיהם גֶערָאטֶען דִי פָּאלֶעוָואנֶיֶע. אַז מֶען בְּרוֹיךְ אוֹיסְקוּקֶען דִיא גַאנְצֶע הִיוּנָה פוּן פָּאלֶעוַאנְיֶע ,קֶען מֶען אַמָאל אַוֶועקְלֵייגֶען דִיא צֵיינֶער אוֹיף דֶער פָּאלִיצֶע. אֲפִילוּ הַיינְט אִין אוּנְזֶערֶע צַייטֶען טְרֶעפְט זִיךְ אוֹיךְ זֵייעֶר אָפְט אַז דֶער יֶעגֶער קוּמְט אַהֵיים מִיט לֵיידִיגֶען, הֲגַם עֶר הָאט אַ קִינְסְטְלִיכֶע בִּיקְס, בִּפְרַט אַמָאל וֶוען זֵייא הָאבֶּען קיין גוּטֶע נְיוֶועדר נִיט גֶעהַאט. נוּר הַיינְט אַז דֶער יֶעגֶער הָאט אַאַנְדֶער מִיטֶעל צוּם לֶעבֶּען אוֹיךְ, וֶוען עֶר אַרְבֵּייט זִיךְ אָן אִין וַואלְד אַטָאג אוּמְזִיסְט הָאט עֶר לְכָל הַפָּחוּת וֶוען עֶר קוּמְט בַּייא נַאכְט אִין שְׁטָאדְט, אַ אָרְט וואוּ זִיךְ אָפְּרוּהֶען אוּנְד גֶעפִינְט אִין שְׁטוּב אַם וֶועניגְסְטֶען אַשְׁטִיקֶעל טְרוּקֶענֶעם בְּרוֹיט, קֶען עֶר שׁוֹין דֶערְוַוייל פֶּערְטְרַייבֶּען' דֶעם הוּנְגֶער, אָבֶּער אִין יֶענֶע צַייטֶען פוּן וֶועלְכֶע מִיר רֶעדֶען דָא הָאט זִיךְ דֶער הוּנְגֶער אָדֶער זֶעטט גֶעוֶוענְט נוּר אִין פָּאלֶעוַאנְיֶע: הָאט גֶעלוּנְגֶען הַאפֶּען אַטְהִיר אָדֶער אַ פָּאגֶעל אִיז גוּט, קֶען מֶען זִיךְ אָנֶעסֶען אוּנְד אַבִּיסֶעל אוֹיפְהַייטֶערֶען דֶעם אוֹיסְגֶענוּרֶעטֶען קֶערְפֶּער, וֶוען עֶס אִיז נִיט גֶערָאטֶען צוּא הַאפֶּען — זִיטְץ דַאר אוּנְד קְוַאר אַ הוּנְגֶעריגֶער

אַ גַאנְצֶע נַאכְט בִּיז אִין דֶער פְרִיה, נָאכְדֶעם גוּט אוֹיסְהוּנְגֶערוּנְדִיג זִיךְ גִייא זוּךְ שְׁפַּייז וֶועלְכֶע עֶס קֶען זַיין מֶען וֶועט וַוייטֶער נִיט גֶעפִינֶען. עֶס קֶען אַמָאל אוֹיסְקוּמֶען מֶען זָאל מוּזֶען גַאנְצֶע וָואכֶען דֶערְהַאפֶּען דִיא נְשָׁמָה בְּלוֹיז מִיט אַבִּיסֶעל אוֹיבְּס אָדֶער שְׁוָואמֶען, דָאס אִיז נָאךְ גוּט אַז עֶס קוּמְט אוֹיס אִין אַזַא צַייט וָואס עֶס אִיז דָא אוֹיבְּס, וָואס טוּט מֶען אָבֶּער אִין דִיא צַייט וָואס דָאס אִיז אוֹיךְ נִיטָא? דַאן פֶּערְבַּייטֶען וָוארְצְלֶען אוּנְד גְבֵלוֹת דִיא גֶעווֵיינְלִיכֶע שְׁפַּייז פוּן מֶענְשֶׁען — פְרִישֶׁע פְלֵייש פוּן זוּילְדֶע טְהִירְן.

דֶער ווִילְדֶער אִיז דַאן נִיט צוּפְרִידֶען מִיט זִיךְ, עֶס אִיז אִיהם נִיט אַיינְגִינֶעם זַיין לֶעבֶּען, דֶען וָואס פַאר אַיין גֶעשְׁמַאק פוּן לֶעבֶּען קֶען הָאבֶּען דֶער מֶענְשׁ וֶועלְכֶער אִיז גֶעגֵייט קְלֶערֶען נוּר וֶועגֶען חוֹמֶר, וִויא עֶרְפִילֶען דֶעם נֵייטִינֶען גֶעבְּרוֹיךְ פוּן זַיין קָארְפֶּער, אוּנְד וֵוייס נִיט הַיינְט וָואס מָארְגֶען וֶועט זַיין צוּ עֶר וֶועט קֶענֶען אָפּגֶעבֶּען דֶעם חוֹב זַיין גוּף צוּ נִיט? וֶוער רֶעדְט עֶס קוּמְט טַאקֶע דֶער מָארְגֶען וֶוען דֶער מָאגֶען מָאנְט אוּנְד מֶען הָאט אִיהם נִיט וָואס צוּא גֶעבֶּען, דַאן אִיז וֵוייא אוּנְד וואוּנְד דֶעם מֶענְשׁ.

נוּר הָאבֶּענְדִיג מַארְךְ אִין קָאפְּף אוּנְד קֶענֶענְדִיג מִיט אִיהם רִיהְרֶען, פַאנְגְט דֶער ווִילְדֶער אָן זוּכֶען מִיטְלֶען וִויא אַרוֹיסקְרִיכֶען פוּן אַזָא שְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע, אָבֶּער וָואס קֶען מֶען צוּ דֶעם הֶעלְפֶען? אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע עֵצָה גֶעוואֹהנְלִיךְ, גֶעדֶענְקֶען אִין דִיא גוּטֶע צַייט אַז עֶס קֶען קוּמֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד אִיבֶּער־לָאזֶען אַ פָארְרַאטְה (זַאפַּאס) דַאן וֶוען עֶס אִיז דָא אִיבֶּעריג אוֹיף

דִיא צַייט וָואס וֶועט פֶּעהְלֶען. אַלְזָא, נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט זִיךְ זָא בֶּעטְרַאכְט, וֶוען עֶס הָאט אִיהם גֶעגְלִיקְט לְמָשָׁל אַמָאל אוֹיף דֶער פָּאלֶעוַואנֶיע, הָאט עֶר בֶּעהַאלְטֶען אַזַאיָאנְץ (הָאז) מִיט אַ פָּאר פֶּאגֶעל, וִויא מֶען זָאגְט, נַא טְשָׁארְנִי דֶען. אוֹיף מָארְגֶען אִיז אִיהם גְרַאדֶע אַיינְגֶעפַאלֶען אִיבֶּערְבַּייטֶען דֶעם אָרְט. עֶר גֵייט, טְרָאגְט זִיךְ מִיט דֶער מַשָּׂא אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס אוּנְד עֶס אִיז אִיהם צוּלִיעבּ דֶעם דֶער גַאנְג שְׁוֶוערֶער, עֶס פַארְמַאטֶערְט אִיהם, עֶר קֶען זִיךְ נִיט רִיהְרֶען, עֶר אִיז עֶפֶּעס וִויא גֶעבּוּנְדֶען דֶערִיבֶּער הָאט עֶר נִיט גֶעקֶענְט הַאפֶּען צְוֵוייא הֶערְשֶׁען וֶועלְכֶע זֶענֶען אִיהם פַארְבַּייא גֶעלָאפֶען אוֹיפ'ן וֶועג. נוּר פוּנְדֶעסְטְוֶעגֶען הָאט עֶר וִויא עֶס אִיז פָּארְט גֶעהַאפְּט אַ טְהִירְכֶען (אַ חַיָה'לֶע) הָאט זִיךְ אָנְגֶעגֶעסֶען אוּנְד גֵייט וַוייטֶער אוּנְד צוּפְרִידֶען מִיט דֶעם וָואס זַיין זַאפַּאס אִיזְט גַאנְץ אוּנְד קֶען אִיהם נָאךְ דִינֶען אַמָאל אִין אַנוֹיט. אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אַרוּם אִיז טַאקֶע גֶעקוּמֶען דֶער טָאג אוֹיף וֶועלְכֶען עֶר הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶערִיכְט אוּנְד אוּנְזֶער וִוילְדֶער גֶעמְט זִיךְ צוּם פֶּעקִיל וואו עֶס לִיגְט דֶער זַאפַּאסְנֶער זַאיָאנְץ. אָבֶּער דֶער לֶעצְטֶערֶער אִיז נִיט גֶעלֶעגֶען אוֹיף אַלֶעדְנִיק, נוּר דִיא הֵייסֶע שְׁטְרַאהלֶען פוּן דֶער זָאנְנֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעוַוארֶעמְט דֶערִיבֶּער אִיז עֶר גֶעוָוארֶען פַארְעפּוּשְׁט אוּנְד פַארוֶוערִימְט. דֶער יֶעגֶער וֶוערְט בֵּייז אוֹיף דֶעם זַאיָאנְץ, וַוארְפְט אִיהם אַוֶועק אוּנְד נֶעמְט זִיךְ צוּא דִיא פֶּאגֶעל, נוּר דָא זֶעהט עֶר אִיז אוֹיךְ דָאס זֶעלְבֶּע וִויא בַּיי'ן זַאיָאנְץ, „נוּא, קְלֶערְט עֶר, שׁוֹין גְלַייבֶער לַיידֶען אַבִּיסֶעל הוּנְגֶער, אִיבֶּערְקוּמֶען וִויא עֶס אִיז מִיט אַבִּיסָעל יַאגְדֶעם, שְׁוָואמֶען, אֵיידֶער עֶסֶען אַזַא שְׁמוּטְץ.

נוּר צוּ וָואס הָאט מִיר נָאךְ גֶעטוֹיגְט טְרָאגֶען אַזאַ פַּארְדָארְ־בֶּענֶעם עֶסֶען װעלְכֶעס אִיךְ קָען נִיט גֶעבְּרוֹיכֶען ? צוּא וָואסֶערֶע כַּפָּרוֹת הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַיינְגֶעמַאטֶערְט מִיט דֶעם, אוּנְד לֹא דַי וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ גוּט דֶערשְׁווִיצְט בַּייא אִיהר, הָאט זִיא מִיר נָאךְ גֶעשְׁטֶערְט הַאפֶּען דֶעם גֶעשְׁמַאקֶען הֶערִ'שׁ״. הַכְּלַל, דֶער ווִילְדֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּא דֶער דֵעָה אַז קֵיין זַאפַּאסֶען מִיט פְּלֵייש קָען מֶען נִיט מַאכֶען.

ווֶען אָנְגְרֵייטֶען אַ פָּארְרַאטְה פוּן פְלֵייש פִיר אֵיין מֶענְשֶׁען אִיז שְׁוֶוער הַיינְט וויא קָען מֶען אָנְגְרֵייטֶען פִיר אַ גַאנְצֶע פְּלֶעמֶיע (שֵׁבֶט), וֶועלְכֶע בֶּעשְׁטֵייט פוּן 20־30 פֶּערְזָאן ? אַלְזָא, הָאט מֶען גֶעמוּזְט בֶּעקְלֶערֶען אַ אַנְדֶער מִיטֶעל וויא פַּארְהִיטֶען זִיךְ אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע צַייט פוּן הוּנְגֶער, אוּנְד אוּנְזֶער ווִילְדֶער הָאט בֶּעֶ־רֶעכֶענְט, אַז וֶוען מֶען זָאל קֶענֶען הָאבֶּען בַּייא זִיךְ גְרֵייט לֶעבֶּעדִיגֶע טְהִירְן אוּנְד טוֹידְטֶען זֵייא דַאן ווֶען מֶען וֶועט זִיךְ אִין דֶעם נֵייטְהִיגֶען, וָואלְט דֶער פְרִיהֶערְדִיגֶער פֶּעהְלֶער אַרָאפּ. נוּר ווֶען דִיא טוֹידְטֶע מַשָּׂא וָואס קָען אַלֵיין נִיט אַוֶועק גֵיין פוּנְדֶערְסְטְוֶועגֶען הָאט זִיא גֶעשְׁטֶערְט דֶעם ווִילְדֶען אִין זַיין פָּאלֶעווַאנְיֶע, מִכָּל שֶׁכֵּן אַז עֶר וֶועט זִיךְ שְׁלֶעפֶּען מִיט לֶעבֶּעדִיגֶע טְהִירְן וֶועט דָאס אִיהם גֶעווִיס שְׁטֶערֶען; מֶען מוּז אַכְטוּנְג גֶעבֶּען עֶס זָאל נִיט אַנְטְלוֹיפֶען, זָארְגֶען עֶס זָאל הָאבֶּען וָואס צוּ עֶסֶען, אוֹיסֶער דֶעם, עֶס קָען זַיין אַז דִיא גַאנְצֶע אַרְבֵּייט וֶועט זַיין אוּמְזִיסְט, דֶען, אִין גֶעפֶּענְגֶענִישׁ וֶועט דָאס טְהִיר נִיט וֶועלֶען עֶסֶען אוּנְד וֶועט פֵּגֶר'ן פְרִיהֶער אֵיידֶער דֶער מֶענְשׁ וֶועט בְּרוֹיכֶען זַיין פְלֵייש. הַכְּלַל עֶס אִיז אוֹי לִי מִיוֹצְרִי אוֹי לִי מִיִּצְרִי, גְרֵייט

אָן לֶעבֶּעדִיגֶע טְהִירְן אִיז שְׁלֶעכְט, גְרֵייט נִיט אָן אִיז וִויעדֶער שְׁלֶעכְט. וָואס טְהוּט מֶען פָארְט? בְּלַייבְּט מֶען זָאל מַאכֶען אַ פְּרָאבֶּע. גֶעוֶועהְנְלִיךְ, שְׁלֶעפֶּען זִיךְ מִיט אַ וִוילְדֶען אָקְס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ, אַלְזָא דַארְף מֶען נֶעמֶען אַ יוּנְגֶעס קֶעלְבֶּעל, אוּנְד דִיא יֶענֶערְם הָאבֶּען גֶעהַאפְּט עֶטְלִיכֶע שְׁטִיק אַוֶועקְגֶעטְרִיבֶּען זֵייא מִיט זִיךְ. דֶער הַאלַלַאס אִיז גֶעוֶוען סְטְרַאשְׁנֶע, דִיא פִּיה זֶענֶען צוּלָאפֶּען אִין אַללֶע זַייטֶען אוּנְד דָאס הָאט גֶעשְׁטֶערְט דִיא וַואנְדֶערוּנְג אוּנְגֶעהַייֶער. דָאס אִיז נָאךְ אַלֶעס וִוינְצִיג, עֶס אִיז דָא נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶע צָרָה: דִיא יוּנְגֶע טְהִירְכֶען וָואס זֶענֶען אָפּ־גֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא מוּטֶערְס בְּרוּסְט הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְרֶענְקֶען אוּנְד זֶענֶען אַזוֹיא בִּיסְלֶעכְוַוייס כִּמְעַט אַלֶע אוֹיסְגֶע־פְּגֶערְט. פוּן דִיא אַללֶע גֶעפַאנְגֶענֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינְס, צְווייא קֶעלְבְּלַאךְ וֶועלְכֶע הָאבֶּען פוּן אָנְפַאנְג אַבִּיסֶעל גֶעקְרֶענְקְט נָאכְדֶעם אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ פָאפְּרַאוֶוען, וַואקְסֶען, בִּיז אַם עֶנְדֶע הָאבֶּען זֵייא שׁוֹין נִיט גֶעבְּרוֹיכְט אָנְקוּמֶען צוּ דִיא מוּטֶערְס הִילְף. נוּר זֶעהט וָואס פַאר אַ פַארֶענְדֶערוּנְג עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אִין זַיין חַארַאקְטֶער, פוּן אַ וִוילְדֶען אוּנְד אַ אוּנְהַאמֶעטְנֶעם אִיז עֶר גֶע־וָוארֶען אַ שְׁטִילֶער אוּנְד אַ פְּלָאכֶער. פְרִיהֶער הָאט עֶר זִיךְ אַלְץ גֶערִיסֶען אַנְטְלוֹיפֶען, יֶעצְט בְּרוֹיכְט מֶען שׁוֹין אֲפִילוּ נִיט אַ נוּקֶע נֶעבֶּען אוֹיף אִיהם, נוּר עֶר גֵייט אַלֵיין נָאךְ דִיא מֶענְשֶׁען. מִיט דֶער צַייט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַ גֶעזוּנְטֶער גְרוֹיסֶער אָקְס אוּנְד אַללֶעס מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען חַארַאקְטֶער. הַכְּלַל, מֶען אִיז דֶער־גַאנְגֶען דֶעם סוֹד, מֶען קֶען אִימֶער הָאבֶּען בַּייא זִיךְ לֶעבֶּעדִיגֶע טְהִירְן אוּנְד טוֹידְטֶען זֵייא דַאן וֶוען מֶען וֶועט בְּרוֹיכֶען זֵייעֶר

פְלֵייש. עֶס אִיז נוּר אַ שָׁאד וָואס פוּן אַ גַאנְצֶע סְטַאדֶע נֶעפאנגֶענֶע קֶעלְבְּלַאךְ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען נוּר צְוֵוייא, אַז מֶען זָאל זֵייא טֵיידְטֶען וֶועט דִיא פְּלֶעמְיַא (שֵׁבֶט) לֶעבֶּען אִין זֶעט אַ טָאג אָדֶער צְוֵוייא, וָואס טְהוּט מֶען אָבֶּער אַז דֶער הוּנְגֶער וֶועט זִיךְ בַּאזֶעטְצֶען אוֹיף אַ וָואךְ אָדֶער מֶעהר? וֶועט מֶען ווִידֶער מוּזֶען לַיידֶען הוּנְגֶער וִויא פְרִיהֶער. אוּנְד פַארְגְרֶעסֶערֶען דִיא צָאהל פוּן דִיא טְהִירֶען אִיז וֵוייגֶענְדִיג אִין וַואלְד אוּנְמֶעגְלִיךְ, נִיט אֵיינְמָאהל מוּז מֶען זִיךְ בָּארֶען מִיט'ן לֵייב אָדֶער מִיט'ן בֶּער וֶועלְכֶע הָאבֶּען שְׁטַארְק חֵשֶׁק זִיךְ בֶּענוּטְצֶען מִיט מֶענְשֶׁענְס אַרְבֵּייט. אָט, אוֹיפ'ן פְרַייֶען פֶעלְד אִיז גָאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ, דָארְט אִיז שׁוֹין דִיא גֶעפַאהר פַאר דִיא וַואלְדְרוֹיבֶּערְס קְלֶענֶער אַלְזָא דַארְף מֶען אָנְהֵייבֶּען אַבִּיסֶעל זִיךְ גֶעזֶעגֶענֶען מִיט'ן וַואלְד נוּר פְרִיהֶער מוּז מֶען, מֶען זָאל קֶענֶען אַ הִיבְּשֶׁע צַייט אויסקוממֶען אָן וַואלְד פֶערְגְרֶעסֶערֶען דִיא צָאהל זָא יֶעצְט גֶענַאנְטֶע „הֵיימִישֶׁע פִיה" ד. ה. צוּגֶעווֹאהנְטֶע צוּם מֶענְשׁ. דֶער מֶענְשׁ פַאנְגְט אָן מַאבֶען פְּרָאבֶּעס אוֹיף פֶערְשִׁידֶענֶע מִינִים בִּיז עֶר אִיז דֶערְגַאנְגֶען אַז אַ אָקְס, אַ צִיג, אַ שֶׁעפְּס, אַ אֵייזִיל, אַ קֶעמֶעל, אַ פֶערְד, אַ חֲזִיר אוּנְד אַ הוּנְד קֶען מֶען לַייכְט צוּגֶעוֵוינֶען צוּ זִיךְ. דֶער לֶעצְטֶערֶע, הֲגַם זַיין פְלֵייש אִיז נִיט גֶעשְׁמַאק צוּם עֶסֶען, דֶערְפַאר אָבֶּער בִּינְדְט עֶר זִיךְ זָא צוּ צוּם מֶענְשׁ אַז עֶר אִיז גְרֵייט הִיטֶען גַאנְצֶע טֶעג אוּנְד נֶעכְט אוּם צוּ פַארְהִיטֶען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת זֶעלְבְּסְט מִיט זַיין פַארְמֶעגֶען.

אַזוֹיא הָאט זִיךְ אַיינְגֶעגֶעבֶּען מִיט גְרוֹיס מִיה אֵיין פְּלֶעמְיַא ווִילְדֶע יֶעגֶערְס צוּגֶעוֵוינֶען אַ גֶעווִיססֶע צָאהל טְהִירֶן נוּעלְכֶע

מִיט זֵייעֶר פְלֵייש הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעקֶענְט שְׁפֵּייזֶען אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט. דִיא ווִילְדֶע וַוארְפֶען אַוֶועק דֶעם וַואלְד אוּנְד גֵייעֶן אַרוֹים אוֹיף דִיא פְרַייעֶ פֶעלְד, וֶועלְכֶע דִיא גְרָאז אִיהרֶע אִיז אִימְשְׁטַאנְד צוּשְׁטֶעלֶען גֶענוּג שְׁפַּייז פִיר דִיא סְטַאדֶע. דֶער פְרַייעֶר אָרְט גֶעמְט אַרוֹים דֶעם מֶענְשׁ אַבִּיסֶעל פוּן גֶעפַאהר פִיר דִיא רוֹיבֶּענְדֶע טְהִירֶען אוּנְד עֶר פִיהלְט זִיךְ אַבִּיסֶעל פְרַייעֶר. עֶס גֵייט אַוֶועק אַ גֶעווִיסֶער פֶּערְיָאד, דִיא סְטַאדֶע פַארְגְרֶעסֶערְט זִיךְ, דִיא קְלֵיינֶע פִיה וֶוערֶען שֵׁיין נִיט אַזוֹיא פִיעל זְנִישְׁצֶעט וַוייל זֵייא וֶוערֶען נִיט אָפְּגֶערִיסֶען פוּן דִיא מוּטֶערְם אוּנְד פַארְלִירֶען נִישְׁט זֵייעֶר גֶעווֵיינְלִיךְ שְׁפַּייז — מִילְךְ. עֶס וַוייזְט זִיךְ מִיט דֶער צַייט אַרוֹים אַז דִיא לַאנְגֶע פוּן דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אַוֶועק־גֶעוָוארְפֶען דֶעם וַואלְד אִיז גָאר נִיט אִין עֶרְךְ בֶּעסֶער סַאיי אִין עֶסֶען סַאיי אִין זִיכֶערְהַייט. אוּנְגֶעפַארְהַייט. פוּן דִיא צוּגֶעווֵיינְטֶע טְהִירְן הָאט דֶער מֶענְשׁ בֶּעקוּמֶען מִילְךְ, — אַ שְׁפַּייז וֶועלְכֶע אִיז כִּמְעַט אוּנְמֶעגְלִיךְ בֶּעקוּמֶען פִיהרֶענְדִיג אַ יֶעגֶערְשֶׁען לֶעבֶּען.

נוּר עֶס קֶען זַיין אַז וַוייל אִין פוּסְטֶען פֶעלְד אִיז נִישְׁטָא דִיא בְּרֵייטְבְּלֶעטִינֶע בֵּיימֶער אוּנְד דִיא נַאטִירְלִיכֶע פֶעשְׁצֶערֶעס, מְעָרָה׳ס (פוּן דֶער נַאטוּר זֶעלְבְּסְט בֶּעשַׁאפֶענֶע) וואו דֶער מֶענְשׁ זָאל קֶענֶען אִין אַ שְׁלֶעכְטֶעם וֶועטֶער זִיךְ פַארְבֶּעהַאלְטֶען, דֶערִיבֶּער וֶועט עֶר פוּן דִיעזֶע זַייטֶע אָנְהֵייבֶּען זַאלֶעוֶען דֶעם וַואלְד? נֵיין, עֶס הֵייבְּט זִיךְ גָאר נִיט אָן; פַארְקֶערְט, עֶר הָאט יֶעצְט בֶּעסֶערֶע וָואהנוּנְגֶען ווִיא פְרִיהֶער, דֶען אוֹיסֶער מִילְךְ אוּנְד פְלֵייש שְׁטֶעלְט אִיהם צוּ דִיא פִיה אוֹיךְ פֶעל, דִיא אַרָאפְּגֶענוּמֶענֶע פֶעל הָאט דֶער מֶענְשׁ נִיט אַוֶועק גֶעוָוארְפֶען, זָאנְדֶערֶען מִיט־

גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ וַוייל דָאס אִיז שׁוֹין נִיט גֶעוֶועֶן קֵיין גְרוֹיסֶע טִרְחָה שְׁלֶעפֶּען זִיךְ מִיט דֶעם, דֶען עֶר הָאט גֶעקֶענְט אַרוֹיפְלֵייגֶען דָאס אוֹיף דִיא צוּגֶעוֵוינְטֶע טְהִירְן.

וֶוען דֶער מֶענְשׁ קְלִינְט זִיךְ, פוּן דִיא פֶּעל צוּ וֶועלְכֶע עֶס קֶען נִיט צוּשְׁטֵיין קֵיין וַואסֶער, מִיט שְׁטֶעקֶענְס, פִּיקֶעס מַאכֶען אַזַא סָארְט פַּאלַאטְקֶע, קֶען דָאס אִיהם פַּארְהִיטֶען פוּן אַ רֶעגֶען, אוּנְד אַזוֹיא הָאבֶּען מִיר שׁוֹין אַלֵיין אַ גֶעמַאכְטֶע מֶעָרָה, וָואהִין דֶער מֶענְשׁ קֶען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ רֶעגֶען. וֶוען אֵיינִיגֶע פוּן זֵייא פְלֶעגֶען זִיךְ נִיט בֶּענוּגֶענֶען מִיט אַזַא סָארְט הוֹיז וָואס שְׁטֵייט, וִויא מֶען זָאגְט, אוֹיף הִינֶערְשֶׁע פִיסְלַאךְ, פְלֶעגֶען זֵייא גְרָאבֶּען גְרִיבֶּער אַרָאפּ בַּארְג אוּנְד דִיא גְרִיבֶּער הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט פִיר אַ בֵּית־מִקְלָט, וָואהִין זֵייא פְלֶעגֶען זִיךְ בַּאהַאלְטֶען אִין אַ שְׁלֶעכְטֶעס וֶועטֶער. גֶעוֵוינְלִיךְ, אוֹיף מַאכֶען דִיא לֶעצְטֶע וָואהנוּנְגֶען אִיז אַוֶועק אַסַךְ מֶעהר אַרְבֵּייט וִויא אוֹיף דִיא פַּא־לַאטְקֶעס. נוּר אַזוֹיא וִויא דָאס רוֹב הָאט דִיא סְטַאדֶע גֶעקֶענְט גַאנְץ בֶּעקְוֶועם בְּלַייבֶּען אוֹיף אֵיין אָרְט אַ הִיבְּשֶׁע צַייט, הָאט שׁוֹין גֶעלוֹינְט פַארְבְּרֶענְגֶען אַבִּיסֶעל אַרְבֶּעט אוֹיף דִיא סָארְט הַייזֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶענוּטְצְט נִיט אוֹיף אֵיין טָאג זָאנְדֶערְן אוֹיף אַ גֶעוֵויינְלִיכֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט.

דֶער סָארְט לֶעבֶּען הֵייסְט: נָאמַאדִישׁ (וַואנְדְרָאוְוֶגֶער, פַּאסְטוּכֶער, רוֹעִי צֹאן). אִין דִיא סְטֶעפֶּעס פוּן מִזְרַח אוּנְד צָפוֹן אֵיירָאפֵּיאִישֶׁע רוּסְיָא, אִין סִיבִּיר, טוּרְקֶעסְטַאן אוּנְד אִין אַסַךְ אַנְדֶערֶע קַאנְטֶען גֶעפִינְט מֶען נָאךְ יֶעצְט אוֹיךְ אַזוֹינֶע וַואנְדְ־רָאוְונִיקֶעס. אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל קֶענֶען אִיבֶּערְגֵיין פוּן יֶענֶערְשֶׁע

לֶעבֶּען אִין נָאמַאדִישֶׁען (פַאסְטוּכְשֶׁען) וֶוערְדט זִיךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אָן דָעם אָרְט אִין וֶועלְכֶען מֶענְשֶׁען לֶעבֶּען. וֶוען דֶער אָרְט אִיז דוּרְךְ בֶּעדֶעקְט נוּר מִיט אַ גֶעדִיכְטֶען וַואלְד, קֵיין סְטֶעפֶּעס מִיט גֶעוִויקְסֶע אִיז אַרוּם נִיטָא, פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז דָארְט קֶענֶען מֶענְשֶׁען נִיט אַזוֹיא גְרִינְג אִיבֶּערְבֵּייטֶען זֵייעֶר יֶעגֶערְשֶׁען לֶעבֶּען; וֶוען אָבֶּער דִיא וֶואלְדֶער גֵייעֶן אִיבֶּערְגֶעהַאקְט מִיט פּוּסְטֶע עָרְטֶער, וֶוען דֶער קַאנְט הָאט גֶענוּג דִיא טְהִירְן וֶועלְכֶע מֶען קָען צוּגֶעוֵוינֶען זִיךְ, אִיז דָארְט גֶעווֵיינְלִיךְ גְרִינְגֶער דָעם ווִילְדֶען יֶעגֶער אָפְּגֶעוֵוינֶען זִיךְ פוּן יֶעגֶערְשֶׁען לֶעבֶּען אוּנְד אִיבֶּערְבֵּייטֶען זִיךְ אִין אַ נָאמַאד (וַואנְדְרָאוְנִיק).

מֶען דַארְף נִיט זַיין קֵיין גְרוֹיסֶער מַשְׂכִּיל צוּ פַארְשְׁטֵיין וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶע מַעֲלוֹת דֶער נָאמַאדִישֶׁער לֶעבֶּען הָאט גֶעגֶען דָעם פְרִיהֶערְדִיגֶען. דֶער לֶעבֶּען פוּן מֶענְשֶׁען אִיז יֶעצְט מִיט אַ סֵדֶר אוּנְד אוּדָאבְּנֶער וְויא פְרִיהֶער, עֶר אִיז נִיט אַזוֹיא אִין גֶעפַאהר פִיר דִיא רוֹיבֶּענְדֶע טְהִירְן, עֶר הָאט מֶעהר שְׁפַּייז, עֶר בְּרוֹיכְט שׁוֹין נִיט זַיין גַאנְצֶען גֶעדַאנְק אָנְשְׁטְרֶענְגֶען אוֹיף זוּכֶען שְׁפַּייז, עֶר הָאט צַייט קְלֶערֶען וְויא נָאךְ מֶעהר פַארְבֶּעסֶערֶען זַיין לַאגֶע אוּנְד קְלֶערֶענְדִיג עֶנְטְדֶעקְט עֶר אַזֶעלְכֶע בֶּעקְוֶועמְלִיכְקֵייט פוּן לֶעבֶּען וָואס פְרִיהֶער הָאט דָאס אִיהם גָאר נִיט גֶעקֶענְט אִין קָאפְּ אַיינְפַאלֶען. — זַיינֶע פִיה גֶעבֶּען אִיהם נִיט נוּר שְׁפַּייז צוּם עֶסֶען, נוּר אוֹיךְ, וְויא מִיר וֵוייסֶען שׁוֹין, וָואהנוּנְגֶען פוּן פֶעל. דִיא פִיה זֶענֶען סְפָּאסָאבְּנֶע (פֶעהִיג) טְרָאגֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע פְּלֵייצֶעס פֶערְשִׁיעדֶענֶע מַשָּׂאוֹת, דֶערִיבֶּער קֶען זִיךְ דֶער מֶענְשׁ אָנְגְרֵייטֶען גֵייטִיגֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּישְׁקֵייט. וָועלְכֶע וֶועלֶען אִיהם שׁוֹין נִיט

געשְׁוָוערֶען זַיין אִיבֶּערְגֵיין פוּן אֵיין אָרְט אוֹיפ'ן צְוֵוייטֶען, דָעס וֶועט וֶוערֶען אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען נִיט מִיט דִי הֶענְד נוּר מִיט דִי פְלֵייצֶעס פוּן דִיא פִיה. וֶועהֶענְדִיג אַז אֵיינִיגֶע פוּן דִיא הֵיימִישֶׁע פִיה זַיינֶען סְפָּאסָאבְנֶע, טְרָאגֶען אוֹיף דִיא פְלֵייצֶעס מַשָׂאוֹת אוּנְד נִיט אוּמְוַוארְפֶען, אִיז דֶער מֶענְשׁ גֶעקוּמֶען צוּ אַזַא גֶעדַאנְק: פִילַלייכְט אִיז מֶעגְלִיךְ עֶר אַלֵיין זֶעלְבְּסְט זָאל זִיךְ בֶּענוּטְצֶען מִיט דִיא פֶעהִיגְקֵייט פוּן דִיא טְהִיר ד. ה. זִיטְצֶענְדִיג אוֹיף דִיא טְהִירְס פְלֵייצֶע אִיבֶּערְטְרָאגֶען זִיךְ פוּן אֵיין אָרְט אוֹיפ'ן צְוֵוייטֶען. וַוייזְט זִיךְ אַרוֹיס אַז אַ אָקְס, אַ קוּה, אַ אֵייזֶעל, אַ קֶעמֶעל אוּנְד אִיבֶּערְהוֹיפְּט אַ פֶערְד זַיינֶען זֵייעֶר פֶעהִיג צוּ דֶעם, אוּנְד אַזוֹיא אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען רַייטֶען. נוּר פָאהרֶען רַייטֶענְדִיג צוּזַאמֶען מִיט קְלֵיינֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע קֶענֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט הַאלְטֶען אוֹיפ'ן פֶערְד אִיז אוּנְבֶּעקְוֶועם, דֶערִיבֶּער הָאט דֶער מֶענְשׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלֶערֶען וֶוענֶען דֶעם, פִילַלייכְט אִיז מֶעגְלִיךְ אַיינְסְטְרָאיֶען דִיא רַייזֶע אַזוֹיא, אַז מֶען זָאל קֶענֶען זִיצֶען אַבִּיסֶעל בֶּעקְוֶועמֶער. דוּרְךְ דֶעם קְלֶערֶען אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ אַ מִיטֶעל מַאכֶען אַזוֹינְס וִויא אַ סָארְט וָואגֶען. פוּן אָנְפַאנְג זַיינֶען גֶעוִוים דִיא וָואגֶען גֶעוֶועֶן פָּאכָאזְשֶׁע אוֹיף אוּנְזֶערֶע דָארְפִישֶׁע שְׁלִיטֶענְס; רֶאדֶער מוּז זַיין אַוַדַאי אַ שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶע עֶרְפִינְדוּנְג. דִיא אַקְסֶען פוּן רֶאדֶער־וָואגֶען פְלֶעגֶען נִיט וֶוערֶען גֶעשְׁמִירְט מִיט וַוייכֶע שְׁמִירוּנְג, דֶערִיבֶּער וֶוען עֶס אִיז גֶעפָאהרֶען אַזַא עֶקִיפַּאשְׁז פְלֶעגְט זִיךְ הֶערֶען אַ גֶעשְׁרֵייא וָואס רַייסְט בַּייא דִיא אוֹיעֶרֶען. אַזֶעלְכֶע קִיבִּיטְקֶעס אָדֶער אַרְבִּי (арбы) גֶעפִינְט זִיךְ נָאךְ יֶעצְט בַּייא דִיא וַואנְדְרָאוְונֶע טָאטֶערֶען, וֶועלְכֶע זָאגֶען אַז זֵייא

פָאדֶערְן ווִיא אָרְדֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, נִיט בֶּעהַאלְטֶען, בְּרוֹיכֶען זַייא נִיט זָארְגֶען וֶועגֶען דֶעם אַז זַייעֶרֶע וֶואנֶען זָאלֶען נִיט שְׁרַייעֶן. אִין אַזַא וָואגֶען פְלֶעגְט מֶען גֶעוֶועהְנְלִיךְ אַיינְשְׁפַּאנֶען אָקְסֶען אָדֶער קִיה, פוּן אוֹיבֶען הָאט זַיא גֶעהַאט אַזוֹינְס וְורָאדֶע אַ בּוּדְקֶע, פוּן פֶעל, עֶס זָאל נִיט קֶענֶען צוּשְׁטַיין קֵיין רֶעגֶען אוּנְד דִיא הֵייסֶע שְׁטְרַאהְלֶען פוּן דֶער זָאנֶע. אִין וָואגֶען אָדֶער קִיבִּיטְקֶע זַיינֶען גֶעזֶעסֶען דִי קִינְדֶער מִיט דִי פְרוֹיעֶן אוּנְד עֶס אִיז דָארְט גֶעלֶעגֶען דִי בִּיסֶעל בַּעַל־הַבַּיִת׳שֵׁקַייט. דִי מַאנְסְלַייט הָאבֶּען דָאס רוֹב גֶערִיטֶען אוֹיף דִיא פֶערְד אוּנְד אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען עֶס זָאל צוּמָאל נִיט אַוֶועקְגֵיין אַ טְהִיר פוּן זַייעֶר סְטַאדֶע, אוּנְד צוּ עֶס זֶעהְט זִיךְ נִיט פִילַלַייכְט פוּן עֶרְגֶעץ עֶפֶּעס אַ גֶעפַאהר (סַכָּנָה).

אִין דֶער צַייט וֶוען מֶען צִיהְט זִיךְ אִיבֶּער, זִיצֶען דִיא פְרוֹיעֶן, וִויא מִיר וֵוייסֶען, אִין דִיא קִיבִּיטְקֶעס. זַייא פַארְנֶעמֶען זִיךְ שׁוֹין נִיט מִיט דִיא זֶעלְבֶּע אַרְבֵּייט וָואס דִיא מַאנְסְלַייט, ווִיא אִין יֶענֶערְשֶׁען לֶעבֶּען, זָאנְדֶערֶען גִיבֶּען אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא קִינְדֶער אוּנְד אַרְבֵּייטֶען נוּטְצִיגֶע פְּרֶעדְמֶעטֶען וָואס אִיז גֵייטִיג אִין דִיא בַּעַל־הַבַּיִתְשֵׁקַייט: פְלֶעכְטֶען שְׁטְרִיק, פֶעטְלֶעס, נֵייעֶן, מִיט דִיא הִילְפֶע פוּן אָדֶערֶען, קְלֵיידֶער פוּן פֶעל, מַאכֶען פוּן וָואלל וָואיְלִיֶקעס, פוּן מִילְךְ טְוָוארָאג (וֵוייכֶע אוּנְגֶעקְנֶעטֶענֶע קֶעז).

בַּייא דִיא נָאמַאדֶען (וַואנְדְרָאוֶונֶע פְּלֶעמְיֶעס) טְרֶעפֶען מִיר שׁוֹין אוֹיסְגֶעאַרְבֶּעטֶע פְּרֶעדְמֶעטֶען פוּן מֶעטַאל. דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶעטַאל וָואס מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶען גֶעבְּרוֹיכֶען אִיז גֶעוֶועזֶען קוּפְּפֶער. וֶועלְכֶען אִין אֵיינִיגֶע עֶרְטֶער גֶעפִינְט מֶען בְּמַצָב

ליגען אויף דער ערד, אונד אייזען איז דערגאנגען געוואָרען אין אַסך אַ שפּעטערדיגע צייט. פון קופּפער איז אויסגעאַרבּעט געוואָרען געוועהר אונד פערשיעדענע ציערונג. דיא שטיינערנע מעסערס האבּען אָנגעהויבּען בּיסלאַכוויים איבּערבּייטען זיך אין קופּפּערנע אונד עס גייט שון אַריין אין געבּרויך אַ שווערד. מען געפינט היינט אַסך קופּפּערנע ציערונג, וועלכע געהערט, אָהנע צווייפעל, אָט צו דיא אַלטע צייט.

דיא פרויען האבּען געטראָגען אויפ'ן האלדז קופּפּערנע פּערעל, גלאַטע אָדער געדרייטע אויף איינס אָדער עטליכע שנירעל. אויף דיא הענד אונד אַמאל אויף דיא פיס האבּען זייא געטראָגען אַזוינע בּראַנזילעטען; איבּערהויפּט איז דאן געוועזען אין דיא גרעסטע, וויא מיר רופען דאס „מאָדע”. אַזעלכע בּובּענטשיקעס (גלעקלאַך), וועלכע האבּען זיך אָנגעהאנגען אויפ'ן גארטעל, אונד בּייא יעדען קערפּערליכען ריהר האט דאס געקלונגען. קופּפּערנע אויערינגלאַך איז אויך דאן שטאַרק געוועזען אין דער מאָדע. אַפילו דיא ווילדע פון וואַלד האבּען אויך ליעב צירען זיך מיט פערשיעדענע ציערונגען, וועלכע ניט האבּענדיג קיין מעטאַלען, שטעקען זייא אַריין אין דיא אויערען, אין נאָז, אין דיא אונטערשטע ליפּ, מושעלען (Раковины), הילצערנע פלאַסטינקעס.

אַזויא האט זיך דער מענש אָנגעהויבּען לעבּען אין דיא פריע סטעפּעס אונ זיין לעבּען איז געוואָרען פרייער אונד בּעקוועמער. דעם גאַנצען טאָג אונד דיא גאַנצע נאַכט האט ער פאַרבּראַכט נור אויף אַכטונג געבּען אויף דער סטאַדע אונד

זיין טְרַייער בֶּעגְלֵייטֶער, דֶער הונְד, הָאט אִיהם שְׁטַארְק מִיט־גֶעהָאלְפֶען אִין דֶעם. יֶעצְט הָאט עֶר זִיךְ שׁוין נִיט אַזוֹיא גֶע־שְׁרָאקֶען פִיר דִיא הוֹיבֶּענְדֶע טְהִירְן, דֶען אִין פְרַייעֶן אָרְט זַיינֶען זֵייא ווִינְצִיג דָא, אוּנְד וֶוען זֵייא קוּמֶען יָא אַמָאל אַרַיין פוּן וַואלְד אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיין גְרוֹיסֶע סַכָּנוֹת, וָוארוּם עֶר קֶען דֶערְזֶעהְן זֵייא פוּן דֶערְוַוייטֶענְס, וַוייל אִין פְרַייעֶן אָרְט אִיז לִיכְטִיגֶער וִויא אִין וַואלְד, אוּנְד דֶערְוַוייל אֵיידֶער זֵייא קוּמֶען צוּ קֶען עֶר אָנְ־װענְדֶען נֵייטִיגֶע מִיטֶעל וִויא פַארְהִיטֶען זִיךְ גֶעגֶען זֵייא.

אַז עֶר הָאט אָנְגֶעוָוארֶען דִיא מוֹרָא פִיר זֵייא, הָאט עֶר מְמֵילָא אוֹיפְגֶעהֶערְט רֶעכֶענֶען זֵייא פִיר אַ גֶעטְלִיכְקַייט, אַ אִיבֶּער־גַאטִירְלִיכֶע קְרַאפְט, אוּנְד אוֹיךְ דִיא גְרוֹיס בְּרֵייטְבְּלֶאטִיגֶע בוֹים צוּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ פְרִיהֶער גֶעבוּקְט, הָאט זִיא יֶעצְט פַארְ־לָארֶען דִי וֶוערְדֶע בַּיי אִיהם, וַוייל זִי הָאט אִיהם יֶעצְט גָאר ווִינְצִיג נוּטְצֶען גֶעבְּרַאכְט. נוּר דֶער מֶענְשׁ בְּרוֹיךְ הָאבֶּען גְרָאז זַיינֶע פִיה זָאלֶען הָאבֶּען שְׁפַּייז, עֶר נֵייטִיגְט זִיךְ אִין רֶעגֶען, וֶועלְכֶער פְרִישְׁט אָפּ דִיא לוּפְט אוּנְד גִיט קְרַאפְט דִיא עֶרְד אַרוֹיסְגֶעבֶּען נוּטְצִיגֶע גֶעוֶויקְסֶע. עֶר מוּז הָאבֶּען לִיכְטִיגְקַייט עֶר זָאל קֶענֶען זֶעהְן דִיא אַללֶע פְרֶעמְדֶע מְטֶען וָואס אַרוּם אִיהם אוּנְד קֶענֶען פַארְהִיטֶען זִיךְ פוּן אַ גֶעפַאהר, אָט, פֶּעננְט עֶר אָן קוּקֶען אַרוֹיף אוֹיבֶען פוּן וַואנֶען עֶס שְׁטַאמֶען אַרוֹים דִיא אַללֶע פִיר אִיהם נוּטְצִיגֶע זַאכֶען. עֶר זֶעהְט דִיא זָאנְנֶע בֶּעוואוּנְדֶערְט עֶר אִיהר פַיינֶעם גֶעשְׁטַאלְט, עֶר בֶּעמֶערְקְט אִיהר אַיינְדְרוּק אוֹיף דִיא גַאנְצֶע נַאטוּר אוּנְד רֶעכֶענְט זִיא דֶערִיבֶּער פִיר אַ גָאטט. נִיט הָאבֶּענְדִיג קֵיין אֶמֶת'ן פֶערְשְׁטַאנְד פוּן גָאטט, רֶעכֶענְט

ער אַז דִיא זָאנְגֶע אַלֵיין פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט מַאכְט לִיכְטִיגְקֵייט , נִיט וַוארֶעמְקֵייט אוּנְד אִיהר וַוארֶעמְקֵייט בְּרֶענְגְט אַרוּים דִיא גֶעוָויקְסֶע ; עֶר בֶּעמֶערְקְט אַז דִיא זָאנְגֶע רֵייזְט אוֹיךְ אַרוּם אוֹיפְ'ן הִימְמֶעל וִויא דֶער מֶענְשׁ אוֹיף דֶער עֶרְד , זִיא טְרַייבְּט דִיא שְׁוַוארְצֶע וָואלְקֶענְס וִויא דֶער מֶענְשׁ זַיין סְטַאדֶע . נוּר אָט הָאט זִיךְ דִיא זָאנְגֶע פַארְבֶּעהַאלְטֶען , דִיא טָאג זַיינֶען קְלֶענֶער גֶעוָוארֶען אוּנְד פִינְסְטֶערֶע קַאלְטֶע נֶעכְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶער וֶועלְט . אִין אַזַא צַייט דַארְף דֶער מֶענְשׁ זִיךְ שְׁרֶעקֶען אִי פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט אִי פַאר זַיין סְטַאדֶע , דֶען סַאי אַ מַזִיק אַ חַיָה סַאי אַ מַזִיק אַ מֶענְשׁ קֶענֶען דַאן שׁוֹלֵט זַיין , נָאר אוּנְבֶּעמֶערְקְט צוּ גֶעהְן אוּנְד אָנְטְהוּן שָׁאדֶען . „דִיא נַאכְט אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען פַאר גַנָבִים" זָאגְט דֶער עוֹלָם אַ שְׁפְּרִיכְוָוארְט . אִין גֶעדִיכְטֶען וַואלְד אִיז נִיט אַזוֹיא קֵיין גְרוֹיסֶער חִלוּק פוּן טָאג בִּיז נַאכְט , אָבֶּער אִין פְרַייֶען אָרְט בֶּעמֶערְקְט מֶען דָאס שְׁטַארְק . וֶוען דֶער מֶענְשׁ הָאט דָאס גֶעזֶעהְן הָאט עֶר זִיךְ שְׁטַארְק דֶערשְׁרָאקֶען , עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז דִיא וֶועלְט גֵייט שׁוֹין אוּנְטֶער , דִיא טָאג וֶועלֶען וֶוערֶען וָואס אַמָאל קְלֶענֶער אוּנ,עָם וֶועט מֶעהר קֵיין לִיכְטִיגְקֵייט נִיט זַיין . נוּר נָאכְדֶעם אַז עֶס אִיז אַרִיבֶּער אַ גֶעוִויסְסֶע צַייט אוּנְד דִיא טָאג הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּרִיק גְרֶעסֶער וֶוערֶען , דִיא זָאנְגֶע הָאט וִויעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארשְׁפְּרֵייטֶען אִיהר וַוארֶעמְקֵייט אוּנְד לִיכְטִיגְקֵייט , דִיא וִוילְדֶע טְהִירֶן קֶערֶען זִיךְ צוּרִיק אוּם אִין וַואלְד , דִיא שְׁלַאנְגֶען אִין זַייעֶרֶע נָארֶעס , וִויעדֶער פְרַייהַייט ! וִויעדֶער זִיכֶערְהַייט ; אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט דָאס גֶעזֶעהְן אִיז אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְרִיכֶען

אין קאפּף אַריין אַ געדאַנק אַז עס געפינט זיך צווייא איבער־נאַטירליכע קראַפטע וועלכע הערשען מיט דיא גאַנצע נאַטור: איינע אַ גוטע אַ ליכטיגע, דיא צווייטע אַ שלעכטע אַ פינסטערע. דער גוטער כח בּאַרעט זיך שטענדיג מיט'ן שלעכטען דער חבר פון גנבים, גזלנים, שלאַנגען אונד מלאך המות, אונ דער מענש האָפט אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט וואָס דער גוטער כח וועט מנצח זיין דעם שלעכטען, איהם אין גאַנצען איבערפיהרען פון דער וועלט, אונד אומעטום וועט נור הערשען גוטס וועלכעס דיא פאַרשטייהערין וועט זיין דיא זאַנגע.

מיר ווייסען יעצט איין תפלה מיט וועלכע דיא ווילדע פלעגען זיך ווענדען צו דער זאַנגע, אַזויא איזט זיא: „שטייא אויף, דו זאַנגע! אונד שטעלל אונז צו דאס אין וואָס מיר גייטיגען זיך, שטעק מיט דיינע שטראַהלען דיא נאַכט מיט אַללע געפאַהרען, הער צו אונזער געבעט אונד געם פון אונז צו פאַר אַ קרבן אַציג, אַקוה אָדער אַ פערד. אָ זאַנגע! היממעלי־קינד! דו זייא צו אונז גנעדיג אַז מיר זאָלען זיין בעריהמט מיט דיא פיעל קיה, מיט דיא סך שעפּסען אונד בּאַראַנעס, מיט אונזער איינגענעם כח אונד געזונד!".

ווען אין יענערשען לעבען האָבען מענשען שוין אָנגע־פאַנגען חבר'ן זיך איינער מיט'ן אַנדערען אונד האָבען געדעכענט פיר גלייכער וואַנדערען צוזאַממען אַ גאַנצער שבט, איז אין נאָמאַדישען (פאַסטוכישען) לעבען האָט זיך נאָך מעהר פאַרבּרייטערט ביי מענשען דער קאָלעקטיווער (צוזאַממען) לעבען. איין מענש אַ יענער האָט נאָך געקענט אַליין קריגען

שְׁפַּייז, אָבֶער אִיסְפְּרַאוֶוען זִיךְ אַלֵיין מִיט אַ גֶעווִיסֶער צָאהל פִּיה אִיז גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ. וֶוען עֶר אַלֵיין זָאל נוּר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף זֵייא, וָואלְט אַ הֶעלְפְט אַנְטְלָאפֶען אוּנְד אַ הֶעלְפְט וָואלְטֶען דִיא רוֹיבֶּענְדֶע טְהִירֶן זְנִישְׁצֶעט אוּנְד עֶר וָואלְט גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דִיא לֵיידִיגֶע הֶענְד. דֶערִיבֶּער גִיבֶּען אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא סְטַאדֶע אַללֶע טְשְׁלֶענֶעס פוּן שֵׁבֶט אוּנְד זִיא גֶעהֶער נִיט צוּ אֵיין מֶענְשֶׁען נוּר צוּם גַאנְצֶען שֵׁבֶט אוּנְד יֶעדֶערֶער אִיז אַ גְלַייכֶער שוּתָּף. וֶוען צְוֵוייא אַזֶעלְכֶע שְׁבָטִים בֶּעגֶעגֶענֶען זִיךְ אוֹיף אַ בְּרֵייטֶע סְטֶעפֶּע גֵייט זֶעלְטֶען אָפּ אָהן אַ בְּלוּטִיגֶע מִלְחָמָה, דֶען דִי בֵּיידֶע צְדָדִים ווִילֶלען פַארְגְרֶעסֶערֶען דִיא צָאהל פוּן זֵייעֶרֶע שֶׁעפְּסֶען קֶעמְלֶען אוּנְד פֶערְד. דִיא וָואס הָאבֶּען מְנַצֵחַ גֶעוֶוען פְלֶעגֶען גֶעווֵיינְלִיךְ צוּנֶעמֶען אִין גַאנְצֶען דִיא סְטַאדֶע בַּייא דִיא אוּנְטֶער־נֶעגֶעבֶּענֶע. וָוארוּם מֶענְשֶׁען וָואס שְׁטֵייעֶן אוֹיף אַזַא נִידֶערִיגֶע מַדְרֵגָה עֶנְטְווִיקְלוּנְג פְּרֶעגֶען נִיט, אָדֶער ווֵייסֶען גָאר נִיט וָואס אִיז סְפְּרַאוֶועדְלִיוֶוע (מִיט יֹשֶׁר) אוּנְד וָואס נִיט, זֵייעֶר גַאנְצֶער רֶעכְט, דִין, בֶּעשְׁטֵייט נוּר אִין כֹּחַ, כָּל דְאַלִים גְבַר, וֶוער עֶס אִיז שְׁטַארְקֶער דֶער אִיז גֶערֶעכְט, אוּנְד עֶר קֶען זִיךְ רַאסְפָּא־רַאשְׁזַאיֶען מִיט יֶענֶעמְס ווִיא אִיהם גֶעפֶעלְט. דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט צוּ אֵיין שֵׁבֶט הָאבֶּען נָאךְ עֶטְוָואס גֶעפִיהְלְט אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע עֶפֶּעס אַ אוּוַאשֶׁזֶענְיֶע, הָאבֶּען זִיךְ גֶע־סְטַארֶעט נִיט אָבִּישַׁאיֶען אֵיינֶער דֶעם צְווֵייטֶען; אָבֶער אוֹיף דִיא טְשְׁלֶענֶעס פוּן אַ אַנְדֶער שֵׁבֶט הָאבֶּען זֵיי גָאר אַנְדֶערְשׁ גֶע־קוּקְט אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט גֶעגֶען זֵיי אַרוֹיסְוַוייזֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּנְמֶענְשְׁלִיכֶע מֶערְדֶערַייעֶן. עֶס זֶעהְט אוֹיס אַז אִין דִיעֶער

הינזיכט זיינען זייא ניט אוועק פון דיא מענשען-פרעססער (Людоѣды).

איינע פון דיא גרעסטע ערפינדונגען וועלכע געהערט געוויס צו דיא אלטע אונגעדענקענע צייט, איז: פייער. נור עס זעהט אויס אז אין דיא צייט וועגען וועלכע מיר רעדען דא האבען זייא נאך ניט געוואוסט וויא ברענגען זיך א נוטץ פון פייער. דעם ערשטען מאל האט דער מענש געברויכט דערזעהן פייער פון א טרוקענעם בוים, וועלכער האט זיך אנגעצונדען פון א בליטץ. בעקוממען פייער איז געוועזען איינע פון די שווערסטע אב מלאכות. אז מען האט געוואלט קריגען פייער פלעגט מען אזויא לאנג רייבען צווייא שטיקער האלץ איינע אן דיא אנדערע ביז זייא האבען זיך פון היץ אנגעצונדען. נאך א מיטעל צו בעקוממען פייער איז געוועזען: האקען א קרעמען מיט א הארטען מעטאל (אין דיא פארווארפענע דארפער געפינט מען נאך עד היום אזא מין סארט אויסשלאגען פייער). נור דער מיטעל איז געוויס א שפעטערדיגער, ווארום דער מענש האט ניט אזויא פריה גערוואוסט זיך פון דעם, אז דיא ערד ענטהאלט אין זיך פערשידענע מעטאלען.

אז מען איז דערנאנגען פייער האבען דיא מענשען ביסלאכוויים אויפגעהערט געברויכען רויע שפייז; זייא האבען געקריגען מעגליכקייט געגענשטיין מיט אייגענע מיטלען געגען דעם נאטירליכען קאלטען קלימאט פון דיא צפון-קאנטען, אונד אזויא האבען זייא אנגעהויבען בעזעטצען זיך אין פערשידענע קאנטען. אפילו אין דיא ווארימע קאנטען טרעפט אויך

אַמָאל זֵייעֶר קַאלְטֶע גֶאכְט , דֶערִיבֶּער קוּמְט דָארְט אוֹיךְ שְׁטַארְק צוּנוּצְן דָאס פַייעֶר. נוּר אַ חוּץ דֶעם אַלֶעם הָאט פַייעֶר אִין זִיךְ אַ מַעֲלָה וָואס עֶס שְׁרֶעקְט דִיא ווילְדֶע טְהִירֶן אוּנְד זֵייא הַאלְטֶען זִיךְ צוּלִיעבּ דֶעם אַיין נִיט מַאכֶען קֵיין נַאפַּאדֶעגְיֶע אוֹיפ׳ן מֶענְשׁ; ווִיעדֶער, דָאס אַלֵיין וָואס עֶס אִיז לִיכְטִיג אַ גֶעווִיסֶע שְׁטְרֶעקֶע אַרוּם אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיין קְלֵיינֶע נוּצְן. דֶערִיבֶּער אִיז פַייעֶר גְלַייךְ ווִיא דִיא זוּן אוּנְד דִיא לְבָנָה גֶערֶעכֶענְט גֶעווָארֶען בַּייא דֶער אַמָאהְלִיגֶע נַארָאדֶען פִיר אַ גָאט. „עֶר בָּארֶעט זִיךְ אוֹיךְ מִיט דֶער פִינְסְטֶערְנִישׁ גְלַייךְ ווִיא דִיא זוּן אוּנְד דִיא לְבָנָה, עֶר מַאכְט אוֹיךְ אַ גוּטֶע לִיעבֶּע אַיינְדְרוּק אוֹיפ׳ן מֶענְשֶׁען אַלְזָא אִיז עֶר אוֹיךְ אַ גָאטט" אָט. ווִיא עֶס הָאבֶּען גֶעבַּאךְ גֶעמוּזְט פוּן אוּנְווִיסֶענְשַׁאפְט קְלֶערֶען דִיא פַארְגְרֶאבְּטֶע אוּנְגֶעבִּילְדֶעטֶע מֶענְשֶׁען ! גֶעטְצֶענְדִינֶער צוּ פַייעֶר גֶעפִינְט זִיךְ נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ אִין אַזְיָא, יֶעדֶעם יָאהר גֵייעֶן פוּן זֵייא גַאנְצֶע קָאמְפַּאנְיֶעס אַרוּם בַּאקוּ, וואוּ עֶס גֶעפִינְט זִיךְ, לוֹיט זֵייעֶר מֵיינוּנְג, אַ הֵיילִיגֶע קְווֶעלֶע פַייעֶר, דֶען אַרוּם בַּאקוּ אִיזְט דָא בְּרֶענֶענְדֶע נַאפְּטֶ־קְווֶעלֶען.

ווִיסֶענְדִיג וָואס פִיר אַ מֵיינוּנְג דִיא אַמָאהְלִיגֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעהַאט ווֶעגֶען פַייעֶר, קֶענֶען מִיר לַייכְט פַארְשְׁטֵיין דִיא אוּרְזַאכֶע פַאר וָואס זֵייא פְלֶעגֶען דָאס רוֹב, ווֶען אֵיינֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, פַארְבְּרֶענֶען זַיין טוֹידְטֶען קֶערְפֶּער. זֵייא הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג גֶעמֵיינְט אַז דָאס לֶעבֶּען פוּן גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם גֵייט אַווֶעק אוֹיף אַ נַייֶע ווֶעלְט וואוּ עֶס הֵייבְט זִיךְ אָן אַ נַייעֶר לֶעבֶּען, נוּר נָאךְ אַ עֶרְגֶערֶע ווִיא אוֹיף דֶער ווֶעלְט. דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זֵייא

גֶעוואָלְט אַז דֶעם מֶענְשׁ זָאל בֶּעגְלֵייטֶען אִין נַייֶעם לֶעבֶּען אַ גֶאטטְלִיכְקֵייט, ד. ה. פַייֶער אוּנְד דָאס זָאל זַיין אַ מֵלִיץ יֹשֶׁר פִיר אִיהם. דִיא אַשׁ פוּן פַארְבְּרֶענְטֶען קָארְפֶּער פְּלֶעגֶען זֵייא אוֹיפְקְלוֹיבֶּען אִין אַ טָאפּ, וֶועלְכֶען אֵיינִיגֶע פֶאלְקֶער הָאבֶּען מִיטְגֶעפִיהרְט מִיט זִיךְ וואוּהִין זֵייא זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען פַארְגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד צוּזַאמֶען מִיט דִיא פְּרֶעדְמֶעטֶען מִיט וֶועלְכֶע דֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ בֶּענוּטְצְט בַּיי'ם לֶעבֶּען, כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ נֵייטִיגֶען דָארְט אִין דֶעם זָאל עֶר הָאבֶּען גְרֵייט וִויא לְמָשָׁל אַ בָּאגֶען, אַ בִּיקְס, אַ שְׁפִּיז א. ז. וו. דִיא נָאמַאדֶען (Кочевники) וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיטְגֶעפִיהְרְט דִיא אַשׁ (אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאבֶּען זֵיי מִיטְגֶעפִיהרְט דִיא אַשׁ פוּן דִיא גְרוֹיסֶע גִבּוֹרִים וֶועלְכֶע הָאבֶּען בַּיים לֶעבֶּען אַיינְגֶענוּמֶען אִין אַ מִלְחָמָה אוּנְד דִיא אַשׁ פוּן דִיא מַנְהִיגֵי הַדוֹר (פִיהרֶערְס פוּן פָאלְק) וֶועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען בַּיים לֶעבֶּען גֶעעֶהרְט פִיר זֵייעֶר גוּטֶער פִיהרוּנְג), אַז זֵייא זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אַ אָרְט אוֹיף אֵיינִיגֶע מָאנַאטֶען, פְּלֶעגֶען זֵייא אַוֶועקְשְׁטֶעלֶען דֶעם טָאפּ אַשׁ אוֹיף דֶער עֶרְד, אַרוּם אִיהם פוּן אַלֶע פִיער זַייטֶען אַרוּמְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד אוֹיבֶען אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין וֶועלְכֶער הָאט צוּגֶעדֶעקְט דֶעם טָאפּ וִויא אַ אַרְט דַאךְ. וֶוען זֵייא זַיינֶען אַוֶועק אוֹיף אַ אַנְדֶער אָרְט הָאבֶּען זֵייא וִויעדֶער מִיטְגֶענוּמֶען דֶעם טָאפּ. אַזֶעלְכֶע בֵּית־עוֹלָם'ס הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען דָאלְמֶענִי (долмены).

---

III

דֶערְהוֹיפְּט וָארְט פוּן יֶעדֶען הַאלְבְּווִילְדֶען מֶענְשֶׁען (ד. ת.

דָער מֶענְשׁ וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דִיא שְׁטוּפֶע וָואס מִיר הָאבֶּען גֶערֶעדְט) אִיז: וִויא אַזוֹיא פַארְזִיכֶערֶען זִיךְ מִיט אַ גֶעוִויסֶען פָּארְרַאטְה שְׁפַּייז, אוּנְד דָאס אִיז דִיא אוּרְזַאכֶע וָואס בַּאלְד אִין אָנְפַאנְג אִיז דֶער מֶענְשׁ דֶערְגַאנְגֶען פֶערְשִׁידֶענֶע קִינְסְטְלִיכֶע סְפָּאסָאבֶּען וִויא פַארְגְרִינְגֶערֶען דִיא מִיטְלֶען פוּן בֶּעקוּממֶען שְׁפַּייז; דֶער יֶעגֶער קוּקְט זִיךְ אַיין אוֹיף דֶעם לֶעבֶּען פוּן דִיא ווִילְדֶע טְהִירְן אוּנְד פֶאגֶעל אוּנְד זוּכְט אַיין פְּלַאן וִויא אַזוֹיא עֶר זָאל קֶענֶען אִימֶער זַיין זִיכֶער אַז דִיא פָּאלֶעוַאנְיֶע וֶועט אִיהם גֶערָאטֶען. אַלֶעס וָואס אִיז גֶעהֶערִיג אָן דִיא סְטַאדֶע אִינְטֶערֶעסִירְט שְׁטַארְק דֶעם פִיה־פַּאשֶׁער וֶועלְכֶער וֶועלִינְדִיג אַז דִיא נָאסְפָּאדַארְסְטְוָוא זָאל זִיךְ פַארְגְרֶעסֶערֶען סְטַארֶעט עֶר זִיךְ אַיינְפִיהרֶען אַזוֹיא אַז עֶס זָאל אַרָאפּ דִיא גֶעפַאהר פִיר דִיא רוֹיבֶּענְדֶע טְהִירְן אוּנְד גִיט זִיךְ מִיה אוֹיסְלֶערְנֶען דֶעם הַארַאקְטֶער אוּנְד גֶעוָואנְהַייט פוּן זַיינֶע פִיה, אָט דִיא אָבְּסְטָאיַאטֶעלְסְטְוָוא בְּרֶענְגְט דֶעם נָאמַאד צוּ דֶעם אַז עֶר קוּקְט זִיךְ צוּ וָואס עֶסֶען אוּנְד קֶענֶען עֶסֶען דִיא טְהִירְן, אוּם עֶר זָאל קֶענֶען רִיכְטִיג ווִיסֶען אִין וָואס בֶּעשְׁטֵייט זֵייעֶר שְׁפַּייז. עֶר דֶערְגֵייט אַז כִּמְעַט אַלֶע הֵיימִישֶׁע פִיה עֶרְנֶאהרֶען זִיךְ בְּלוֹיז מִיט גֶעוויקְסָע, נְרָאז אִיז דֶער הוֹיפְּטְשְׁפַּייז זֵייעֶרֶער. עֶר קוּקְט זִיךְ צוּ, צוּ דִיא גֶעוויקְסֶע פוּן פֶעלְד וֶועלְכֶע וַואקְסְט פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, עֶר זֶעהְט בַּאלְד וִויא עֶס שְׁפְּרָאצְט נוּר וָואס אַרוֹיס פוּן דֶער עֶרְד, וִויא עֶס בְּלִיהט, וִוי עֶס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם קֶערְנֶער וֶועלְכֶע אִיז אַרָאפּ־ גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד אִין אַ גֶעווִיסֶע צַייט אַרוּם אִיז אוֹיף דֶעם אָרְט פוּן דֶעם אַרוֹיסְגֶעקוּממֶען גֶעוויקְסֶע. וֶוען עֶר הָאט

נור בּעמערקט אַז געוויקסע ראזוויוואיען זיך פון קערנער, איז שוין ניט אַזויא שווער געוועזען בּעקלערען אַז עס איז מעגליך אַליין אויפקלייבּען צייטיגע קערנער, פאַרזייען זיי אונד עס וועט אַרויסקומען געוויקסע; עס איז מעגליך אַיינפיהרען אייניגע סאָרטען גראָזען אין דיא ערטער אין וועלכע פון זיך זעלבּסט וואַקסען זייא ניט. זעהענדיג אַז דיא טהירן עסען דיא אָדער יענע געוויקסע האָט ער געוויס אינטערעסירט זיך וויסען דעם געשמאַק פון דעם אונד האָט דאַס אַליין געגעסען, אונד דאַס לאָזט זיך זייער גלויבּען, וואָרום, וויא מיר ווייסען, האָט ער אין יענערשען לעבּען ניט מאָאַס געוועזען מיט געוויקסע וויא: ווילדע שוואָמען, ווילדע יאַגדעס א. ז. וו., נור אין דיא סטעפּעס געפינט ער ניט, ניט קיין שוואָמען, ניט קיין יאַגדעס אונד ניט קיין פרוכט פון בּיימער. דעריבּער מוז מען ניט בּראַקירען מיט פעלדגעוויקסע ווען מען וויל ניט אין גאַנצען אָפּזאָגען זיך מיט געוויקסע.

דער מענש האָט געוויס ניט אייגמאָאל פאַרזוכט גראַז אײדער ער האָט זיך ערקונדיגט אויף בּעשטימט אַז זיא ענטהאַלט אין זיך ניט קיין שום קראַפט אונד פון איהר שפייז קומט זיין קאָרפּער גאָר ניט צו. נור אָט איז איהם אַריינגעפאַללען אַ זאַנג ווייץ וועלכע וואַקסט אויפ'ן ווילדען אַרט אין אייניגע ערטער אין הייסען קלימאַט פון זיך זעלבּסט.

דער שטענגעל (Стебелекъ) פון דיא ווייץ איז ניט געשמאַק, עס איז ניט פיטאַטעלנע (עס זעטיגט ניט, עס ניט קיינע קרעפטען) נור דיא קערנער פון דעם וועלכע זיינען צו

ריבען גֶעוָואָרֶען אין מוּנְד מִיט דִיא צֵיינֶער אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָואָרֶען וַוייךְ, אִיז אַ גוּטֶע גֶעשְׁמַאקֶע שְׁפַּייז.

אוּנְזֶער הַאלְבּווילְדֶער פֶּענְגְט אָן מַאכֶען פְּרָאבֶּעס אוֹיף דִיא וַוייץ, אוּנְד צוּזַאממֶען מִיט אַנְדֶערֶע קֶערֶענְדִיגֶע גֶעווִיקְסֶע וַוייקְט עֶר דָאס: (אוּם צוּ פַארְווֵייכֶען): אִין מִילְךְ, וַואססֶער, קָאכְט, א. ז. וו. אוּנְד עֶר עֶרְקוּנְדִיגְט זִיךְ אַלֶּע מָאל מֶעהר אַז עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ דָאס צוּ עֶסֶען אוּנְד עֶס אִיז אַ גוּטֶע שְׁפַּייז. עֶר אִיז צוּפְרִידֶען, וָוארוּם דִיא נַייֶע שְׁפַּייז וֶועלְכֶע עֶר פַּארְבְּרוֹיכְט אַמָאל אִיבֶּער אַמָאל מִיט דִיא אַלְטֶע זֶעטִיגְט אִיהם זֵייעֶר אוּנְד דָאס בְּרֶענְגְט דֶעם מֶענְשׁ צוּ צוּפְרִידֶענְהַייט אוּנְד נִיט עֶנֶערְגִיא צוּ אַרְבֵּייטֶען. „כָּל יְמֵי עָנִי רָעִים, וְטוֹב לֵב מִשְׁתֶּה תָמִיד" הָאט מִשְׁלֵי גֶעזָאגְט, דֶעם אָרִימַאן אִיז נֶעבַּאךְ שְׁטֶענְדִיג בִּיטֶער זַיינֶע טָאג אוּנְד נֶאכְט אוּנְד דֶער וָואס הָאט שְׁטֶענְדִיג וָואס צוּ עֶסֶען אוּנְד וָואס צוּ טְרִינְקֶען אִיז אִיממֶער גוּט אוֹיפ'ן הַארְצֶען. אָט קְלַייבְּט עֶר אוֹיס אֵיינִיגֶע גֶעווִיקְסֶע וִויא דְהַיְינוּ: וַוייץ, רַייז אוּנְד הֵייבְּט אָן סְטַארֶען זִיךְ אַלֵיין אִיסְקוּסְטְוֶוענֶע (מִיט אַ אֵייגֶענֶער קוּנְסְט) אַיינְפִּיהרֶען דִיא גֶעווִיקְסֶע כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען הָאבֶּען חֶען עֶר וֶועט בְּרוֹיכֶען, נִיט וַוארְטֶען בִּיז עֶס וֶועט זִיךְ אִיהם טְרֶעפֶען צוּ גֶעפִינֶען. עֶר קְלַייבְּט אוֹיף אַבִּיסֶעל קֶערְנֶער פוּן דִיא ווילְד גֶעוַואקְסֶענֶע שְׁזִילֶעס (גֶעווִיקְסֶע) אוּנְד פֶערְבְּלַייבֶּענְדִיג זִיטְצֶען אַ לֶענְגֶערֶע צַייט אוֹיף אֵיין אָרְט, טְהֵיילְט עֶר אָפּ צוּ דֶעם אַ שְׁטִיק פֶעלְד, רֵיינִיגְט זִיא אוֹיס פוּן דִיא ווילְדֶע גְרָאזֶען אוּנְד וַוארְפְט דִיא קֶערְנֶער אִין דֶער עֶרְד. עֶס אִיז בֶּעוואוּסְט וִויא גֶעשִׁיקְט עֶס וֶוערְט צַייטִיג אִין דִיא וַוארִימֶע

לֶאנְדֶער, דֶערִיבֶּער הָאט עֶר גִיךְ דֶערְזֶעהן אַז זַיין אַרְבֵּייט אִיז נִיט גֶעוֶוען אוּמְזִיסְט אוּנְד עֶר קֶען זִיךְ אָנְזֶעטִיגֶען מִיט דִיא פְּרוּכְט פוּן זַיינֶע הֶענְד, מִיט דִיא קֶערְנֶער וֶועלְכֶע זַיינֶען אַרוֹיסְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא שֵׁיינֶע צַייטִיגֶע זַאנְגֶען וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ זַיין פַארְזֵייעֶן. נוּר מֵיינְט נִיט אַז דָאס אִיז אִיהם גְרִינְג אָנְגֶעקוּממֶען; פַארְקֶערְט, עֶר הָאט גֶעהַאט דֶערְבַּייא גָאר פִיעל אַרְבֵּייט אוּנְד קְלָאפָּאט, דֶען אוֹיסֶער דֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעבְּרוֹיכְט אוֹיסְיֶעטֶען דִיא פֶעלְד פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע זַייטִיגֶע ווִילְדֶע גֶעווִיקְסֶע, אוֹיסְשְׁנַיידֶען דִיא גְרָאז, אוֹיסְטְשָׁארָאפֶּען דִיא פָּאטְשְׁוֶוע (דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע עֶרְד) מִיט אַ שַׁארְפֶעס גִיוֶועהר, הָאט עֶר צוּ דֶעם נָאךְ גֶעמוּזְט שׁוֹין נָאכ'ן פַארְזֵייעֶן אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דִיא פִּיה וֶועלְכֶע זַיינֶען פוּן דִיא אַרְבָּעָה אָבוֹת נְזִיקִין, הָאבֶּען קֵיין רַחֲמָנוּת אוֹיף מֶענְשֶׁענְס אַרְבֵּייט אוּנְד בְּרָאדְשְׁוֶענְדִיג אַרוּם פַארְקְרִיכֶען זֵיי אוֹיפ'ן פַארְזֵייעֶטֶען אָרְט, טָאפְּטְשֶׁען מִיט דִי פִּיס אוּנְד פְרֶעסֶען אוֹיף דִיא גֶעווִיקְסֶע וֶועלְכֶע דֶער מֶענְשׁ הָאט פַארְזֵייעֶט מִיט זַיין בְּלוּטִיגֶען שְׁוֵייס. אָט דַאן קֶען זַיין אִיז דֶעם מֶענְשׁ אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין זִינֶען אַ גֶעדַאנְק מַאכֶען אַזוֹינְס וִויא אַ אַרְט פַארְצַאמוּנְג אַרוּם דֶעם פַארְזֵייעֶטֶען אָרְט.

אַזוֹיא הֵייבְּט אָן דֶער מֶענְשׁ בֶּעקָאנֶען זִיךְ מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע מִינֵי תְּבוּאָה אוּנְד פַאנְגְט אָן גֶעבְּרוֹיכֶען זֵייא פִיר אַ שְׁפַּייז. צוּלִיעבּ דֶעם מוּז עֶר זִיךְ סְטַארֶען נִיט בַּייטֶען דִיא עֶרְטֶער אַזוֹיא אָפְט וִויא פְרִיהֶער, וָוארוּם עֶר מוּז דָאךְ אַ גֶעווִיסֶע צַייט וַוארְטֶען בִּיז דִיא פַארְזֵייאוּנְג וֶועט צַייטִיג וֶוערֶען. פְרִיהֶער הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט קֵיינֶעם וָואס זָאל אִיהם צוּבִּינְדֶען צוּ

א אָרְט, אָבֶּער יֶעצְט אִיז אִיהם שׁוֹין אַ שָׁאד זַיין אַרְבֵּייט, עֶר ווייל נִיט פַּארְלִירֶען דִיא קֶערְנֶער אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר הָאפְט זָא לַאנְג אוּנְד אִיז זִיכֶער אַז עֶס אִיז נִיט קֵיין פַּאלְשֶׁע הָאפְנוּנְג, נוּר דֶערְוַוייל זַיינֶען זֵייא נָאךְ נִיט צַייטִיג. אָט אַזוֹיא הָאט עֶר גֶעקְרִיגֶען אַ צוּבִּינְדוּנְג צוּם אָרְט אוּנְד פֶענְגְט אָן בְּלַייבֶּען אוֹיף אֵיין אָרְט אַסַךְ אַ לֶענְגֶערֶע צַייט וִויא פְּרִיהֶער. וִויא בַּאלְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעקַאנְט מִיט תְּבוּאוֹת, הָאט עֶר גֶעהַאט מֶאגְלִיכְקֵייט בֶּעקוּמֶען שְׁפַּייז אַ חוּץ דִיא סְטַאדֶע זַיינֶע. דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אִיבֶּער דִיא לֶעצְטֶערֶע נִיט אַזוֹיא גֶעצִיטֶערְט וִויא פְּרִיהֶער וֶוען עֶר הָאט גֶעהַאט דִיא גַאנְצֶע חִיוּנָה פוּן דֶער סְטַאדֶע. מִיט אַ גְרוֹיסֶע סְטַאדֶע מוּז מֶען אָפְטֶער בַּייטֶען דִיא עֶרְטֶער וַוייל זֵייא זְנִישְׁצֶען אוֹיף אַ אָרְט זֵייעֶר גִיךְ דִיא גְרָאז, אָבֶּער דֶער מֶענְשׁ אִיז יֶעצְט שְׁוֶוערֶער אוֹיף דִיא פִּיס, עֶס ווִילְט זִיךְ אִיהם שׁוֹין נִיט בַּייטֶען אַזוֹיא גִיךְ דֶעם אָרְט, עֶר ווִיל גְלַייכֶער הָאבֶּען ווִינְצִיגֶער הֵיימִישֶׁע פִיה אַבִּיא עֶר זָאל נִיט בְּרוּיכֶען פַּארְלִירֶען דִיא פַּארְזֵייעֶטֶע קֶערְנֶער. אוּנְד אַזוֹיא גֵייט בִּיסְלַאכְוַויים אִיבֶּער דֶער לֶעבֶּען בְּלוֹיז מִיט פִיה (נָאמַאדִישׁ) אִין עֶרְדְאַרְבֶּעטֶערְשֶׁען.

בְּלַייבֶּענְדִיג זִיטְצֶען אוֹיף אַ אָרְט אַ לֶענְגֶערֶע צַייט הָאט דֶער מֶענְשׁ גֶעקְרִיגֶען חֵשֶׁק פַּארְפִיהרֶען זִיךְ עֶפֶּעס אַ בֶּעקְוֶועמֶערֶע וָואהנוּנְג, אִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ פְּרִיהֶער ווִינְצִיג גֶעגֵייטִיגְט, אוּנְד אִין אֱמֶת'ן, וִויא אַזוֹיא הָאט עֶר גֶעקֶענְט פְּרִיהֶער זָארְגֶען וֶועגֶען זַיין וָואהנוּנְג, דַאן וֶוען עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז הַיינְט אִיז עֶר דָא אוּנְד מָארְגֶען וַוייט פוּן דַאנֶען אֶפְשַׁר 20-30 וֶוערְסְט? עֶר הָאט גֶעהַאט נִיט קֵיין צַייט, נִיט קֵיין לוּסְט

סְטְרָאיֶען זִיךְ אֲפִילוּ אַבִּיא אַ וָואס פִּיר אַ וָואהנוּנְג, דֶען עֶר אִיז אִין אַ קוּרְצֶע צַייט גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אֵיין אָרְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז אַוֶועקְגֵייעֶנְדִיג פוּן דַאנֶען וֶועט זַיין אַרְבַּייט גֵיין לְאִבּוּד (פַארְלָארֶען אוּמְזִיסְט). אָבֶּער יֶעצְט אִיז שׁוֹין גָאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ, יֶעצְט בֶּעזֶעצְט עֶר זִיךְ אוֹיף אַ אָרְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע מָאנַאטֶען, לוֹינְט שׁוֹין פַארְבְּרֶענְגֶען צַייט אוּנְד אַרְבַּייט אוֹיף דֶעם. פְרִיהֶער הָאט עֶר זִיךְ גֶעפוֹילְט גְרָאבֶּען אַ פֶּעשְׁצֶערֶע (מְעָרָה) אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּענוּגֶענְט מִיט אַ פַּאלַאטְקֶע וָואס אַ רוּחַ מְצוּיָה (אַ גֶעוֶוינְלִיכֶער ווִינְט) הָאט גֶעקֶענְט אוּמְוַוארְפֶען; יֶעצְט אָבֶּער נִיט נוּר עֶר גְרָאבְּט אַ פֶּעשְׁצֶערֶע נוּר עֶר שְׁטֶעלְט נָאךְ אַרוּם מִיט פְלֶעקֶער, פְלֶעכְט אַרוּם דִיא פְלֶעקֶער מִיט צְוַוייגֶען אָדֶער דֶעקְט צוּ מִיט פֶעל, טְרָאגְט אַרַיין אִין זַיין זֶעמְלַאנְקֶע הֵייא עֶר זָאל לִיגֶען וֵוייכֶער, מִיט אֵיין וָוארְט: עֶר סְטַארֶעט זִיךְ צוּשְׁטֶעלֶען אִין זַיין עֶרְד־הַייזֶעל אַזוֹיא פִיעל בֶּעקְוֶועמְלִיכְקֵייט אוֹיף וִויפִיעל עֶר קֶען נוּר גְרֵייכֶען מִיט'ן כֹּחַ אוּנְד מִיט'ן שֵׂכֶל. אָט דָא פַאנְגְט זִיךְ שׁוֹין אָן אַ סָארְט הֵיימִישׁ־לֶעבֶּען. (осѣдлая жизнь)

פוּן אָנְפַאנְג בֶּעזֶעצְט זִיךְ דֶער מֶענְשׁ אוֹיף אַ אָרְט נוּר אוֹיף עֶטְלִיכֶע מָאנַאטֶען, נוּר מִיט דֶער צַייט גֶעוֶוינְט עֶר זִיךְ צוּ צוּם נַייעֶם אָרְט אוּנ פֶּענְגְט אָן לֶעבֶּען שְׁטֶענְדִיג נוּר אוֹיף אֵיין אָרְט. אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז זֵייעֶר פְּרִייאַטְנֶע דֶער זִיטְצֶענְדֶער לֶעבֶּען אִין דִיא קַאנְטֶען וואוּ עֶס אִיז דָא אַ צַייט אִין יָאהר וָואס אִיז קַאלְט, אִין וֶועלְכֶע זִינְט דֶער מֶענְשׁ אִיז דֶערְנַאנְגֶען וִויא בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט פַיי'עֶר הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְגֵיין אִין דִיא עֶרְטֶער.

מֶען דאַרְף נִיט מֵיינֶען אַז דֶער מֶענְשׁ װֶעלֶענְדִיג אֵיינְאָרְ־
דְנֶען זִיךְ אַ הֵיימִישׁ לֶעבֶּען הָאט גֶעמוּזְט אִין גַאנְצֶען אַװֶעקְ־
װארְפֶען דִיא סְטַאדֶע; גֵיין, דָאס הָאט גָאר נִיט גֶעשְׁטֶארְט
הָאבֶּען אַ גֶעװִיסֶע צָאהל פִיה, װֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעקֶענְט פַאשֶׁען
זִיךְ נָאהֶענְט פוּן זַיין אָרְט. נוּר קֵיין סַךְ הֵיימִישֶׁע פִיה הָאט עֶר
שׁוֹין נִיט גֶעקֶענְט הָאבֶּען, װָארוּם צוּ פַאשֶׁען זֵייא װָאלְט עֶר
גֶעבְּרוֹיכְט פַארְנֶעהמֶען אַ װַייטֶע שְׁטְרֶעקֶע, שְׁלֶעפֶּען זִיךְ מִיט
זֵייא דָארְט אַהִין אוּנְד דָאס װָאלְט אִיהם גֶעשְׁטֶארְט דִיא עֶרְד־
אַרְבַּייט אוּנְד עֶר װָאלְט נִיט גֶעקֶענְט צוּלִיעבּ דֶעם בְּלַייבֶּען אוֹיף
זַיין יֶעצְט בֶּעלִיבְּטֶען בֶּעשְׁטִימְטֶען אָרְט.

נוּר אִין װָאס פִיר אַ אָרְט הָאט גֶעבְּרוֹיכְט זִיךְ בֶּעזֶעטְצֶען
דֶער מֶענְשׁ, װֶען עֶר הָאט גֶעװָאלְט פִיהרֶען אַזַא לֶעבֶּען? אִין
אַ װִילְדֶע סְטֶעפֶּע הָאט עֶר נִיט גֶעקֶענְט בֶּעזֶעטְצֶען זִיךְ, װַייל
אוֹיסֶער דֶעם װָאס דִיא עֶרְד פוּן אַ סְטֶעפֶּע טוֹיג נִיט צוּ זֵייאוּנְג,
הָאט עֶר דָאךְ גֶעמוּזְט הָאבֶּען הָאלְץ אוֹיף סְטְרָאיֶען זִיךְ אַ װָאהנוּנְג
אוּנְד אוֹיף הֵייצֶען, אוּנְד אִין סְטֶעפֶּע אִיז קֵיין הָאלְץ נִיטָא.
אוֹיף דֶעם בֶּעשְׁטִימְטֶען שְׁטֶענְדִיגֶען װָאהנוּנְג הָאט עֶר גֶעמוּזְט
װאשְׁזְנֶער קוּקֶען װִי אוֹיף אַ װֶערֶעמֶענֶע װָאהנוּנְג. דִי װֶערֶעמֶענֶע
װָאהנוּנְגֶען זַיינֶען אוֹיפְגֶעסְטְרָאיֶעט גֶעװָארֶען אַזוֹיא, אַבִּיא פוּן
הַאנְד אַװֶעק, אָבֶּער אַ שְׁטֶענְדִיג װָאהנוּנְג אִיז נִיט קֵיין פְּלַאן
אַזוֹיא סְטְרָאיֶען. אָט. אַנְשְׁטַאדְט דִיא אֵיינְגֶע פֶּעשְׁצֶערֶע דִיא
אוּנְבֶּעקְװֶעמֶע פַּאלַאטְקֶע אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַ בְּרֵייט שְׁטִיבֶּעלֶע
פוּן הָאלְץ. זִיא װֶעט שׁוֹין נִיט אַיינְפַאלֶען אִין אַ בּוּרֶע אוּנְד
אִין יֶעדֶער צַייט קֶען זִיא פַארְהִיטֶען דֶעם מֶענְשׁ פוּן אַ שְׁלֶעכְט

וָועטֶער, זִיא אִיז בֶּעקְוֶועם אוּנְד וַוארֶעם, וַוייל אִין מִיטֶען שְׁטוּבּ שְׁטֵייט אַ אָטְשַׁאג (אַ אוֹיוֶוען אָהן אַ קוֹימֶען) פוּן שְׁטֵיינֶער אוֹיף וֶועלְכֶען עֶס וֶוערְט גֶעבְּרֶענְט פַייֶער, דֶער רוֹיךְ גֵייט אַרוֹיס דוּרְךְ דֶער לָאךְ וָואס אִיז גֶעמַאכְט אִין דַאךְ, וֶועלְכֶע הָאט גֶעדִינְט אַנְשְׁטַאדְט אוּנְזֶערֶע קֵיימֶענְס. וִוי מִיר זֶעהֶען דָא וִויא אַזוֹיא עֶס אִיז גֶעסְטְרָאיֶעט גֶעוָוארֶען דִיא הַייזְלֶעךְ פַארְשְׁטֵייט מֶען אַז אִין דִיא פוּסְטֶע סְטֶעפֶּע הָאט מֶען דָאס נִיט גִיקֶענְט דֶערְקַאשְׁזֶען, דֶען עֶס וַואר קֵיין מַאטֶערְיַאל אוֹיף דֶעם. דֶערִיבֶּער אַפִילוּ אִין אוּנְזֶער צַייט אִיז דָא אוּנְגֶעהַייֶער גְרוֹיסֶע סְטֶעפֶּעס וִויא קַאסְפֵּייסְקֶע אוּנְד מִיטֶעל אַזְיַאטִישֶׁע (средне азiатской) וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיין דֶארְפֶער נִיט קֵיין שְׁטֶעדְט אוּנְד דִי אַיינְוָואהְנֶער פוּן דָארְט זַיינֶען נָאמַאדֶען (פַּאסְטוּכֶער). וֶועלֶענְדִיג הַאלְטֶען זִיךְ בַּייא עֶרְדְאַרְבַּייט אוּנְד נִיט אוֹיפְלָאזֶען אִין אֵיין וֶועג דִיא סְטַאדֶע, הָאבֶּען מֶענְשֶׁען נִיט גִיקֶענְט בֶּעזֶעטְצֶען זִיךְ אִין וַואלְד, דֶען עֶרְשְׁטֶענְס אִיז דִיא עֶרְד פוּן וַואלְד, וֶוען מֶען קֶען זִיא נִיט גוּט בֶּעאַרְבֵּייטֶען, נִיט מְסוּגָל (נִיט נוּט) צוּ תְּבוּאָה, צְוֵוייטֶענְס, קֶענֶען דִיא וִוילְדֶע טְהִירְן אוֹיסְרָאטֶען דִיא פִיה אוּנְד אַמָאל נָאךְ אָנְפַאללֶען אוֹיף זַיין אֵייגֶען וָואהנוּנְג. אַלְזָא זֶעהְט מֶען אַז דִיא בֶּעסְטֶע זַאךְ אִיז גֶעוֶוען בֶּעזֶעטְצֶען זִיךְ דָארְט וִויא עֶס גֵייט אִיבֶּערְגֶעהַאקְט, דָא אַ שְׁטִיק פֶעלְד, דָא אַ שְׁטִיק וַואלְד אוּנ דָארְט אַ שְׁטִיק וִויעזֶע (בְּלָאטֶע, Лугъ). אָט נוּר אוֹיף אַזַא אָרְט הָאט גִיקֶענְט דֶער אַמָאהְלִינֶער מֶענְשׁ זַייֶען תְּבוּאָה, בֶּעקוּמֶען הָאלְץ אוּנְד פַאשֶׁען פִיה.

וָוען עֶר הָאט אַמָאל גֶעהַאט צַייט הָאט עֶר גֶענוּמֶען דָאס

גְעוֶועהר זַיינֶע אוּנְד אִיז אַוֶועק מִיט אַ הוּנְד טִיעף אִין וַואלְד זַאכַּאוֶועץ זִיךְ אַבִּיסֶעל פוּן ווֵיילְטָאג וֶועגֶען מִיט פָּאלֶעוַואנְיֶע אוֹיף דִיא טְהִירְן אוֹיף וֶועלְכֶע זַיין זֵיידֶע הָאט גֶעשְׁטְרַייט נִיט פוּן ווֵיילְטָאג נוּר פוּן ווֵייטָאג, דֶען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק אִין גֶעפַאהר אוּנְד הָאט גֶעמוּזְט שְׁטְרַייטֶען מִיט זַיינֶע אַללֶע קֶארְ־פֶּערְלִיכֶע קְרֶעפְטֶען, ווִיא מֶען זָאגְט, אָדֶער מִיר אָדֶער דִיר דֶעם טוֹידְט, אָבֶּער יֶעצְט אִיז בַּייא אִיהם דִיא גַאנְצֶע שְׁטְרַייט אַ שְׁפִּילַאכְּטְסֶעל אוּנְד עֶר שְׁטְרַייט אוּם צוּ בֶּעקוּמֶען אַ ווֵייכֶע, הָארִיגֶע אוּנְד וַוארִימֶע פֶּעל פוּן אַ וָואלְף אָדֶער אַ בֶּער אוֹיף מַאכֶען זִיךְ אַ פֶּעלְץ מִיט וֶועלְכֶען מֶען קֶען זִיךְ אִין אַ נוֹיט בֶּעגֵיין אָן דֶעם אוֹיךְ. אַמָאל הָאט דֶער מֶענְשׁ גֶעשְׁטֶעלְט נוּר אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶעם קֶארְפֶּערְלִיכֶען כֹּחַ, אָבֶּער יֶעצְט הָאט עֶר בַּייא זִיךְ צוּ הִילְף אַ שַׁארְפֶען שְׁוֶוערְד מִיט אַ גוּטְשִׁיסֶענְדֶעם בִּיקְס. הַיינְט זֶעהט וָואס פִיר אַ גְרוֹיסֶע נַפְקָא מִינָה אִיז צְווִישֶׁען זֵיידֶען אוּנְד צְווִישֶׁען אֵיינִיקֶעל? יָא! דִיא צַייט הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְבֶּעסֶערְט פִיר דֶעם מֶענְשׁ.

קְלַייבֶּענְדִיג עֶרְטֶער וואוּ זִיךְ בֶּעזֶעטְצֶען הָאבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען נִיט גֶעקֶענְט נִיט בֶּעמֶערְקֶען אַז וַואססֶער אִיז אַ גְרוֹיסֶע ווִיגָאדֶע פִיר דֶעם מֶענְשׁ: וַואססֶער טְרִינְקֶען מוּז סַיי אַ טְהִיר סַיי אַ מֶענְשׁ, וַואססֶער פְרִישְׁט אָפּ דֶעם מֶענְשׁ וֶועלְכֶער בָּאדְט זִיךְ אִין אִיהר, אִיהר דוּנְסְט (פַּארֶע) קִיהלְט דִי הִיץ, וַואססֶער שְׁטֶעלְט צוּ פִישׁ מִיט וֶועלְכֶע, ווִיא מִיר ווֵייסֶען, הָאט דֶער מֶענְשׁ שׁוֹין בַּאלְד אִין אָנְפַאנְג גֶעשְׁפַּייזְט זִיךְ מִיט דֶעם. פַאר־שְׁטֵייט מֶען דֶערִיבֶּער אַז דָאס עֶרְשְׁטֶע בֶּעזֶעטְצוּנְג פוּן מֶענְשֶׁען

**אין נֶעוֶוען**: בַּייא אַ בְּרֶענ טַייךְ אָדֶער אַ אָזֶערֶע, בַּייא אַ וָועלְדֶעל אוּנְד דִיא עֶרְטֶער וואוּ דִיא עֶרְד אִיז אוּדָאבְּנֶע אִי אוֹיף זַייעֶן אִי אוֹיף פַּאשֶׁען פִּיה. וְויינֶענְדִיג בַּייא אַ בְּרֶענ טַייךְ הָאט דֶער מֶענְשׁ בֶּעמֶערְקְט אַז הָאלְץ אִין וַואסֶער גֵייט נִיט אַרָאפּ אוֹיפ'ן גְרוּנְד, נוּר עֶס שְׁווִימְט פוּן אוֹיבֶען זָא וְויא טְהִירְן אוּנְד עֶר זֶעלְבְּסְט. אַז עֶר הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט אִיז שׁוֹין נִיט גֶעוֶוען קֵיין גְרוֹיסֶע זַאךְ עֶרְקְלֶערֶען מַאכֶען אַזוֹינְס וְוי אַלָאדְקֶע, אוּנְד בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט דֶעם וֶוען עֶר בְּרוֹיךְ אִיבֶּערְפָאהְרֶען אוֹיפ'ן צְווַייטֶען בְּרֶעג.

דֶער מֶענְשׁ הָאט פַּארְזֵייט תְּבוּאָה קֶערְנֶער אוּנְד דִיא נַאטוּר הָאט בֶּעלָאהְנְט זַיין אַרְבַּייט: עֶר קֶען, נִיט נוּר שְׁפַּייזֶען זִיךְ מִיט דֶעם בִּיז דֶעם צְווַייטֶען שְׁנִיט, נוּר עֶר גְרֵייט נָאךְ אָן אַ זַאפַּאס, פִּילְלַייכְט מַאכְט זִיךְ נִיט קֵיין גֶערָאטֶענֶער יָאהר. צוּ דֶער תְּבוּאָה בְּרוֹיכְט עֶר אַ שְׁפַּייכְלֶער וואוּ עֶס זָאל קָאנֶען זִיכֶער לִיגֶען אוּנְד נִיט פַּארְפוֹילְט וֶוערֶען פוּן רֶעגֶען, אוּנְד אַ דַאנְק דִיא הָאלְץ וָואס גֶעפִינְט זִיךְ נָאהֶענְט אִיז זַיין גֶעבְּרוֹיךְ גֶעוָוארֶען עֶרְפִילְט.

וֶוען דֶער פָאטֶער אִיז פַּארְנוּמֶען אִין פֶעלְד מִיט אַרְבַּייט פַּאשֶׁען קִינְדֶער דִיא פִּיה, נוּר אָט אִיז דִיא זָאנְגֶע פַּארְנַאנְגֶען אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִיא פִינְסְטֶערֶע נַאכְט, דִיא חַבֶרְתָּה פוּן גַנָבִים, אוּנ אִין אַזַא צַייט קֶענֶען דִיא קִינְדֶער נִיט בְּלַייבֶען אִין פוּסְטֶען אָרְט, דֶען וֶוען זַייא זָאלֶען בְּלַייבֶען וָואלְטֶען זַייא נִיט גֶעקֶענְט בֶּעשְׁטֵיין גֶעגֶען אַ וָואלְף אָדֶער אַ שְׁלֶעכְטֶען ווִילְדֶען מֶענְשׁ ווִיא אַ וָואלְף וָועלְכֶע בַּייא נַאכְט אִין דֶער פִינְסְטֶער וֶוען מֶען בֶּעמֶערְקְט זַייא נִיט פוּן

דֶערְוַוייטֶענְס קֶענֶען שְׁטַארְק מַזִיק זַיין. דֶער פָּאטֶער, װֶעלְכֶער הָאט זִיךְ אָנְגֶעגַארְבֵּייט אַ גַאנְצֶען טָאג קֶען נִיט צוּ דֶעם נָאךְ גֵיין בַּייא נַאכְט הִיטֶען. דֶערִיבֶּער װֶערְט גֶעסְטְרָאיֶעט בַּיי׳ם הוֹיז אַ שְׁטַאל וואוּ עֶס װֶערֶען פַארְטְרִיבֶען פַארְנַאכְט דִיא פִיה. נוּר נָאךְ מֶעהר אִיז דֶער שְׁטַאל צוּנִיטְץ גֶעקוּמֶען ווינְטֶער װֶען קֵיין פַּאשֶׁע אִיז נִיטָא אוּנְד מֶען מוּז קָארְמֶענֶען דִיא פִיה אִין דֶערְהֵיים מִיט הֵייא אָדֶער שְׁטְרוֹיא.

אִין דֶער צַייט װֶען דִיא מַאנְסְלַייט אַרְבַּייטֶען דִיא עֶרְד אוּנְד פַּאשֶׁען פִיה פַארְנֶעהמֶען זִיךְ דִי פְרוֹיעֶן מִיט שְׁטוּבִּיגֶע אַרְבַּייט. מִיט דֶער צַייט הָאבֶּען מֶענְשֶׁען זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערֶענְט שְׁפִּינֶען, װֶעבֶּען אוּנְד מִיט דִי אַרְבַּייט אוֹיךְ מִיט נֵייעֶן הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט פַארְנוּמֶען פְרוֹיעֶן. זֵייא גְרֵייטֶען אוֹיךְ אָן עֶסֶען זֵייעֶרֶע מַאנֶען אוּנְד קִינְדֶער, מֶעלְקֶען דִיא קִיה, גִיבֶּען אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא הֵיימִישֶׁע פֶאגֶעל אוּנְד אוֹיף דִיא טְהִירֶע װֶעלְכֶע גֵייעֶן נִיט אִין פֶעלְד.

נוּר נִיט אַללֶע מֶענְשֶׁען זַיינֶען גֶעוֶועֶן אַזוֹיא גְלִיקְלִיךְ אַז זֵייא הָאבֶּען גֶעקֶענְט אִין פָאלְקָאמֶענֶע גוּטֶע עֶרְטֶער סְטְרָאיֶען שְׁטֶענְדִיגֶע וָואהנוּנְגֶען. עֶס הָאט זִיךְ דֶעם אַיינְוָואהנֶער פוּן וַואלְד אוֹיךְ פַארְוָואלְט אַמָאל אֵיינְאָרְדֶענֶען זִיךְ אַ בֶּעקְוֶועמֶע, זִיכֶערֶע וָואהנוּנְג, אָבֶּער זַיין ווילְלֶען הָאט נִיט גֶעקֶענְט עֶרְפִילְט װֶערֶען. עֶס הָאט גֶעשְׁטֶערְט דָאס וָואס אִין וַואלְד גֶעפִינְט זִיךְ ווילְדֶע טְהִירְן אוּנְד אַנְדֶערֶע נִיט בֶּעקַאנְטֶע זַיינֶע מֶענְשֶׁען, ווילְדֶע יֶעגֶערְס װֶעלְכֶע וָואלְטֶען אִיהם גֶעווִיס נִיט לָאזֶען אַיינְזִיטְצֶען רוּהִיג. נוּר דֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ גֶעגֶען דֶעם אוֹיךְ אַ עֵצָה

גענעבען. אַז מען קען ניט סטראַיען אויף דיא טרוקענע ערד האט ער געסטראָיעט הייזער אויפ'ן וואססער. אין אַ אַנדערע ניט ווייט פון ברעג האט מען אַריינגעשלאָגען פּאַלעס (сваи) אויף וועלכע עס איז געסטראָיעט געוואָרען אַ אַרט בריק אונד אויף דעם איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַזעלכע קליינע הייזעלעך. צוגעקומען צו דיא הייזעלעך פון ברעג איז מען דורך אַ בריס פון וועלכען אַ טהייל איז געווען בעשטאַנען פון ניט אויפגע־קלאַפּטע ברעטער, וואָס פלעגט ווערען ביי נאַכט צוגומען מען זאָל זיין זיכער אַז עס וועט קיינער ניט צוקוממען. אין אַ טייך האט מען ניט געסטראָיעט אַזוינע הייזער, ווייל דיא קראַפט פון דיא גייענדע וואססער וואָלט זייא מיט דער צייט פאַרטראָגען, אָבער אין דיא שטייענדע וואססער פון דער אַנדערע קענען דיא הייזער זיכערע שטיין. אָסטאַטקעס פון אַזוינע גע־ביידעס געפינט מען זייער פיל אין שווייצאַריע. וויא ווייט אַלט זייא זיינען ציינט דאס, אַז אַ סך אַנדערעס אין וועלכע מען געפינט דיא אָסטאַטקעס האָבען זיך שוין אומגעביטען אין בלאָטעס.

העראָדאָט, וועלכער האט געלעבט מיט 2,200 יאהר צוריק האט געזעהן דיא הייזער אונד דיא מענשען וואָס האָבען גע־וואהנט אין דעם. אַזוי דערציילט ער וועגען דעם: „אויף הויכע פּאַלעס וואָס שטייען אין דער אַנדערע איז געמאַכט געוואָרען אַ גרויסער בריק, וועלכער האט אַ כאָאָבשצענע (בעהעפטונג) מיטען ברעג דורך שמאַלע בריקלאַך. אויף דעם בריק האט יעדער בירגער געהאט זיין אייגען הייזעל אין וועלכען עס איז געווען

אַ לָאךְ אִין פָּאל (פָּאדְלָאנֶע) גְלַייךְ אִין וַואססֶער אַרַיין, אוּנְד אוּם דִיא קִינְדֶער זָאללֶען נִיט אַרַיינְפַאלֶען אִין לָאךְ הָאט מֶען צוּגֶעבּוּנְדֶען דִיא פִּיס זֵייעֶרֶע מִיט אַ שְׁטְרִיק צוּ עֶפֶּעס. אַנְגֶשְׁטַאדְט הֵייא גִיבֶּען זֵייא דִיא פֶּערְד אוּנְד דִיא וְויוּטְשְׁנֶע פִּיה (וֶועלְכֶע שְׁלֶעפֶּען מַשָׂאוֹת) טְרוּקֶענֶע פִּישׁ, וֶועלְכֶע דָא אִיז אַזוֹי פִיעל אַז וֶוען מֶען לָאזְט אַרָאפּ, דוּרְךְ דִיא לָאךְ פוּן פָּאל, אַ זַאק אִין וַואססֶער וֶוערְט עֶר בַּאלְד פוּל מִיט פִּישׁ". בַּייא אוּנְז אִין רוּסְלַאנְד אִין אָרְלָאוְוסְקֶע גוּבֶּערְנְיֶע אִין סֶעוְוסְקִי אוּיֶעזְד גֶעפִינְט זִיךְ אַ אָזֶערֶע בָּארְטִין, וֶועלְכֶע וַוארְפְט אַמָאל אַרוֹיס פַארְפוֹילְטֶע פַאלֶעס אוּנְד בְּרֶעטֶער וָואס זַיינֶען גֶעשְׁלָאגֶען מִיט קוּפְּפֶערְנֶע טְשְׁוֶועקֶעס. פוּן דֶעם זֶעהט מֶען אַז אַזֶעלְכֶע פָּאסְטְרָאיֶקֶעס וִויא הֶערָאדָאט דֶערְצֵיילְט הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַמָאל אִין וַוייטֶען עֶלְטֶער, אוֹיךְ אִין דִיא עֶרְטֶער וואוּ יֶעצְט גֶעהֶערְט דָאס צוּ אוּנְזֶער פַאטֶערְלַאנְד רוּסְלַאנְד.

אָט, וְויא אַזוֹיא מֶענְשֶׁען וַואלְגֶערְנְדִיג זִיךְ פִיעל טוֹיזֶענְדֶער יָאהר פְרִיהֶער אִין יֶעגֶערְס נָאכְדֶעם אִין פַאסְטוּכֶער זַיינֶען גֶעקוּמֶען אַם עֶנְדֶע צוּ אַ זִיטְצֶענְדֶען לֶעבֶּען.

אוֹיף אֵיין אָרְט הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אֵיינְצֶעלְנֶע פַאמִילְיֶעס, יֶעדֶע פַאמִילְיֶע אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער הוֹיז. אַז דִיא פַאמִילְיֶע אִיז פַארְגְרֶעססֶערְט גֶעוָוארֶען אַז מֶען הָאט זִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעקֶענְט זְמֶעשְׁצֶען אַלֶע אִין הוֹיז, הָאבֶּען זֵייא אוֹיסְגֶעסְטְרָאיֶעט נַייֶע הַייזֶער אוּנְד אַזוֹיא אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען גַאנְצֶע דֶארְפֶער בֶּעזֶעסֶען מִיט דִיא טְשְׁלֶענֶעס פוּן אֵיין שֵׁבֶט (Родъ). דִיא עֶרְד, דער וַואלְד אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גָאסְפָּאדַארְסְטְוָוא הָאט גֶעהֶערְט

צו אַללֶע טְשְׁלֶענֶעס פוּן שֵׁבֶט גְלַייךְ. אוֹיפ'ן שֵׁבֶט אִיז גֶעוֶועןְ אַיינֶער אַ עֶלְצְטֶער וֶועלְכֶער הָאט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיפ'ן אָרְדֶענוּנְג אוּנְד הָאט גֶעזֶעהן אַז יֶעדֶערֶער זָאל אַרְבֵּייטֶען זַיין גֶעוִויססֶע טְהֵייל אַרְבַּייט; וֶוען צְוֵוייא טְשְׁלֶענֶעס הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִינְט הָאט עֶר שָׁלוֹם גֶעמַאכְט צְווִישֶׁען זֵייא א. ז. וו.. דִיא לַאנֶע פוּן מֶענְשֶׁען הָאט זִיךְ אוּמְגֶעבִּיטֶען צוּם בֶּעסֶערֶען, זֵייא זַיינֶען גֶעוָוארֶען בַייכֶער אוּנ הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען מֶעהר בֶּעקְוֶועמְלִיכְקֵייט פוּן לֶעבֶּען. לייֶענְדִיג צוֶעבוּנְדֶען צוּם הוֹיז הָאבֶּען זֵייא שׁוֹין נִיט אַזוֹיא גִיךְ גֶערִיהרְט זִיךְ פוּן אָרְט, דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעסְטַארֶעט בֶּעקוּמֶען דִיא גֵייטְהִינֶע פְּרָאדוּקְטֶען פוּן לֶעבֶּען בֶּעססֶער דוּרְךְ שְׁטִילֶע אָרְדֶענְטְלִיכֶע אַרְבַּייט אֵיידֶער דוּרְךְ גְרַאבִּיָאשְׁז. וֶוען דִיא יֶעגֶערְשֶׁע אָדֶער פַּאסְטוּכְשֶׁע (נָאמַאדִישֶׁע) שְׁבָטִים טְרֶעפֶען זִיךְ אֵיינֶע מִיט דִיא אַנְדֶערֶע קוּמְט שְׁטֶענְדִיג אַרוֹיס אַ מִלְחָמָה צְווִישֶׁען זֵייא, ווַייל בֵּיידֶע ווִילְלֶען חַאפֶּען אֵיין וָואלְף אָדֶער אוֹיף אֵיין אָרְט ווִילְלֶען דַוְקָא בֵּיידֶע פַּאשֶׁען דִיא פִיה, אָבֶּער דִיא זִיטְצֶענְדֶע רָאדֶען (שְׁבָטִים) זֶעהֶען צוּ לֶעבֶּען גוּט אֵיינֶער מִיט דִיא אַנְדֶערֶע. אֵיין רָאד, דַאדוּרְךְ ווַייל עֶר וָואהנְט גֶעבֶּען אַ גְרוֹיסֶע אָזֶערֶע, הָאט זֵייעֶר פִיעל פִּישׁ מֶעהר ווִיא זַיין אֵיינֶענֶער גֶעבְּרוֹיךְ אִיז, דֶערְפַאר אָבֶּער הָאט עֶר נִיט קֵיין הָארֶענֶע פֶעל אִין וֶועלְכֶער עֶר גֵייטִינְט זִיךְ שְׁטַארְק, ווייל גֶעבֶּען אִיהם נָאהֶענְט אִיז נִיטָא קֵיין וַואלְד. דֶער צְוֵוייטֶער ווִיעדֶער פַאהֶעקְעהרְט, פֶעל קֶען עֶר קְרִינֶען נִיט נוּר פִיר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, ווִיפִיעל עֶר גֶעבְּרוֹיךְ, נוּר אֲפִילוּ אַוֶועקְגֶעבֶּען פְּרֶעמְדֶע ווען עֶר ווִיל קֶען עֶר הָאבֶּען גֶענוּג, דֶערְפַאר אָבֶּער קֵיין פִּישׁ

האט ער ניט. אזויא פארבינדט זיך צוליעב דעם צווישען זייא פריינדליכע פערהעלטניססע אונד עס ווערט אומגעביטען פעל אויף פיש אונד פיש אויף פעל א. ז. וו. אונד דיא ביידע ראדען (שבטים) ברענגען איינער דעם אנדערען א נוטץ.

## דאס איז דער אנפאנג פון מסחר.

נור ניט דער מסחר אלליין ברענגט מענשען צו דעם, זייא זאללען זיך סטארען לעבען אין אחדות, דאס איז גלאט נייטיג מען זאל אללע זיין זיכער מיט'ן לעבען אונד מיט'ן פארמעגען. מיר האבען שוין געזעהן, אז דיא וואנדראווגע פאלקער האבען געזוכט מיטלען וויא פארהיטען זיך פון דיא רויבענדע יעגערס. אט דיא זעלבע געפאהר איז פאר׳׳ שטאנען דיא ערדארבעטא- רער פון דיא וואנדראוונע פאלקער, ועלבע זיינען ניט ווייט געווען פון בעראבעווען איהם אונד בענוטצען זיך מיט זיינע אויסגעארבעטע פראדוקטען. וויעדער האט זיך געטראפען אז איינער פון דיא ערדארבעטארער גופא, וועלכער האט ניט געוואלט לעבען א ארדענטליכען שטילען לעבען אין דארף, איז אוועק אין וואלד, האט אויפגעקליבען א באנדע באנדיטען וויא ער אונד האבען זיך געלאזט אין די דארפער ראבירען. אנטקעגען אזוינע באנדיטען אונד אנטקעגען דיא וואנדראוונע פאלקער האט מען געמוזט שטענדיג זיין גרייט פארהיטען זיך פאר זייא, דעריבער האבען דיא נאהענטע דארפער געמאכט צווישען זיך אחדות, זייא זאללען העלפען איינע דיא אנדערע אין א נויט, איבערהויפט זיינען געווען גיפעהרליך פיר דיא ערדארבעטארער

דיא וואנדראָווּנגע פּאָלקער, וועלכע זיינען געוועזען זייער פיל אונד וועלכע וואנדערנדיג איבער דיא סטעפּעס פּלעגען אנפאללען אויף יעדען דאָרף וואָס האט זיך זייא נור געטראָפען אויפ'ן וועג אונד אָנגעמאכט גרויס שאָדען. דעריבער האָבען דיא זיטצענדע ערדארבעטער געזעהען אז מען דארף זיך באַהעטען געגען זייא מיט אביסעלע כחות, אללע דערפער צונויפקומען, אונד אין דיא ערטער וואו עס פּלעגען אָפטערער קוממען דיא וואנדעראָווּ־טשיקעס האָבען זייא געסטראָיעט אזעלכע קרעפּאָסטען פון גריבער, אָקאָפּעס אונד הילצערנע וואנט. אין דיא אַרוּמיגע־צאמטע ערטער וועלכע האָבען געהייסען שטאָדט פּלעגען זיך אין א אביסעלע געפאהר אויפקלייבען דיא אַרוּמיגע שטילע איינוואהנער אונד דאָרט אונטער דיא אוקרעפּלעניעס האָבען זייא געקענט גוט זיך אָפּבראָנען פון דיא שונאים, וועלכע, וויא גרינג זייא גענומען איין אין א אָפּענעם אָרט אזויא שווער איז זייא אריינקריכען אין א אָרט וואָס איז אַרוּמגעגראָבען אונד אַרוּמ־געצאַמט מיט א וואַנט.

אמת, אפילו דאן ווען זייא האָבען ניט איינגענוממען דיא שטאָדט האָבען זייא פונדעסטוועגען אנגעמאכט פיעל שאָדען, דען זייא זנישצען דיא תבואה פון פעלד, פארברענגען דיא הייזער פון דיא פוסטע דערפער, נור דערפאר אָבער קענען זייא ניט ראַבעווען דיא סטאַדע, וואָס איז פאַרטריבען געוואָרען אין שטאָדט, ניט הרגענען קיין מענשען, אונד דיא תבואה מיט דיא הייזער וואָס פעהלט איז נאך ניט אזא אומגליק, ווארום תבואה איז אויפ'ן צווייטען יאהר אָפּגעוואקסען אונד

הײַזער איז אויך ניך אויפֿגעסטראָיעט ווײַל דער וואלד האָט געהערט צום כּלל אונד יעדערער האָט געקענט נעמען וויפֿיעל ער האָט געברויכט. אונד אַ דאַנק דיא אַרבּייט פֿון ערדאַרבּעטאָרער איז דער שאָדען ניך פֿאַרהיילט געוואָרען.

אויפֿסטראָיען אַ שטאָדט דאַרף אַ סך מעהר אַרבּייט פֿאַרנעמען וויא אַ דאָרף; ווײַטער, מיט'ן דאָרף בּענוטצען זיך נור דיא אײַנוואָהנער פֿון דאָרף אַלליין, מיט דער שטאָדט אָבער בּענוטצען זיך אַללע אַרומיגע דאָרפֿער, אַלזאָ, סטראָיען אַ שטאָדט איז אַ אָבּשׁצע זאַך אונד אַללע וואָס וויללען האָבּען אַ אָרט וואו זיך בּעהאַלטען אין אַ געפֿאַהר מוזען נעמען אַ טהייל אין דער אַרבּייט. אָט דאָ דאַרפֿען זיך שוין ווידער צוזאַממענבּינדען פֿערשידענע שבטים (Роды). אַלזאָ, דיא אָבּסטאַיאַטעלסטוועס פֿון לעבּען אַלליין דרייען זיך אַזויא אַז זייא בּרענגען צו דעם עס זאָל ווערען אַ שטענדיגע פֿרײַנדליכע פֿערבּינדונג צווישען מענשען פֿון פֿערשידענע דאָרפֿער. זייא חבר'ן זיך ערשטענס, צוליעב מסחר, זאָלען קענען טוישען דיא פֿערשידענע פּראָדוקטען זייערע, צווייטענס, דער גאַנצער כּלל זאָל קענען זיין זיכער מיט'ן לעבּען אונד מיט'ן פֿאַרמעגען.

מיט יעדען דאָרף בּעזונדער האָט רעגירט אַ עלצטער, אָדער אַ שופֿט, נור ווען עס איז אויסגעקומען אַזאַ זאַך וואָס האָט אינטערעסירט דעם גאַנצען אָקאָלאָדאָק (גליל) דאַן האָט זיך אויפֿגעקליבּען, ווי מען רופֿט דאָס, אַ וועטשע (вѣче), ד. ה. אַ אַסיפֿה פֿון דיא בּעלי בּתּים פֿון צווישען זיך צוזאַממענגעבּונדענע דאָרפֿער, רעשען וואָס מען זאָל טהון. אויף אַזאַ אַסיפֿה האָבּען

זַייא גָעוֶואהְנְלִיךְ אוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען זִיךְ אִין שְׁטָאדְט.

דִיא וֶועטְשֶׁעס (вѣче) הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען אִין בֶּע־שְׁטִימְטֶע צַייטֶען, לְמָשָׁל, אֵיינְמָאל אִין יָאהר, אֵיינְמָאל אִין חֹדֶשׁ אָדֶער עֶקְסְטְרֶע, נִיט אִין דִיא בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט, וֶוען עֶס אִיז פָארְגֶעשְׁטַאנֶען אַ גֶעפַאהר דֶעם גַאנְצֶען כְּלַל. אַזוֹיא וִויא אוֹיף דִיא אֲסִיפוֹת זַיינֶען אוֹיפְגֶעקוּמֶען מֶענְשֶׁען פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע דֶערְפֶער, אַלְזָא איז גֶעקוּמֶען אִי אַזוֹינֶער וָואס גֵייטִיגְט זִיךְ אִין פִישׁ, אִי אַזֶועלְכֶער וָואס גֵייטִיגְט זִיךְ אִין פֶעל, אִי דֶער וָואס בְּרוֹיךְ פִּיה, אִי דֶער וָואס דַארְף בְּרוֹידְט. דֶערִיבֶּער אִיז דַאן גֶעוֶוען דִיא בֶּעסְטֶע צַייט מַאכֶען גֶעשֶׁעפְט ד. ה. בַּייטֶען דִיא פְּרָאדוּקְטֶען וָואס אֵיינָער הָאט מֶעהר וִויא עֶר בְּרוֹיךְ, אוֹיף דִיא פְּרָאדוּקְטֶען וָואס יֶענֶער הָאט אִיבֶּערִיג אוּנְד עֶר גֵייטִיגְט זִיךְ אִין דֶעם אוּנְד יֶענֶער וִויעדֶער גֵייטִיגְט זִיךְ אִין זַיין פְּרָאדוּקְט. אַזוֹיא זַיינֶען דִיא וֶועטְשֶׁעס אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט גֶעוֶוען אוֹיךְ יְרִידִים אוּנְד אַזוֹיא וִויא דִיא וֶועטְשֶׁעס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען אִין שְׁטָאדְט הָאט זִיךְ דָא אָנְגֶעהוֹיבֶּען רַאזְוִויוַואיֶען מִסְחָר.

אַזוֹיא הָאבֶּען מֶענְשֶׁען גֶעלֶעבְּט אִין דִיא אַלְטֶע אוּנְגֶע־דֶענְקְטֶע צַייטֶען, אַזוֹיא זַיינֶען זֵייא דוּרְךְ פִיעל יָאהרֶען אִיבֶּערְ־גֶעגַאנְגֶען פוּן יֶעגֶערְשֶׁען לֶעבֶּען אִין נָאמַאדִישֶׁען אוּנְד פוּן נָאמַא־דִישֶׁען אִין אַ זִיטְצֶענְדֶען, הֵיימִישֶׁען.

מִיר יוֹדֶען זַיינֶען גֶעוָוארֶען עֶרְדְאַרְבֶּעטָארֶער אוּנְד אָנְגֶע־הוֹיבֶּען פִיהרֶען אַ זִיטְצֶענְדֶען לֶעבֶּען נָאךְ מִיט 3000 יָאהר צוּרִיק.



[illegible] (ע) בעאַרבייטעט דורך א. זאַקס . . . . . . . . . 25 ״

XVI א. רייזען. — ערצעהלונגען און בילדער . . 25 ״

XVII מ. גארקי. — חברים און דער לעזער, איבערזעצט דורך ד״ר א. מאַרקאָוו . . . . 15 ״

XVIII א. יצחקי. — וואָהין געהען מיר? . . . . . 3 ״

XIX שלום אש. — אין א שלעכטער צייט, (בילדער און ערצעהלונגען) . . . . . . . 30 ״

XX א. באגדאנאוו. — די שקלאפעריי, (צווייטעס העפט פון די עקאָנאָמישע לעהרע) בעאַרבייטעט דורך א. ש. זאַקס . . . . 15 ״

XIX נ. רובאקין. — די לעצטע ערפינדונגען, בעאַרבייטעט דורך ה. ווירנין . . . . . 20 ״

XXII יאהר-בוך „פראגרעסס", אַזשורנאַל פיר ליטעראַטור וויסענשאַפט און קר[illegible] בוך, רעדאגירט אברהם רייזען . . . . . . 75 ק.

XXIII ח״ה זעלדעס. — ווינטער אבענדען, פאָפּולער וויסענשאַפטליכע געשפּראַכען . . . . . . 25 ״

XXIV קודריאווסקי. — אדם הראשונים דורות, אָדער די פּאָרהיסטאָרישע צייט פון מענשען. 25 ״

XXV א. יצחקי. — פּ. סמאָלענסקין. זיין ביאָגראַפיע. 20 ״

XXVI קאראבטשעווסקי. — ערצעהלונגען וועגען ווילדע מענשען איבערזעצט דורך א. ברעסלער. 10 ״

XXVII יאנישעווסקי. — וועגען לופט, איבערזעצט דורך ד. פולם (ד. פינסקי) . . . . . . . 10 ״

XXVIII פאוולאוויטש. — ווי האבען מענשען געלעבט? . . 10 ״




# ...וכהענדלער
## אונד פערלעגער
### ...רשא נאלעווקי 86

...ין בוכהאנדלונג איז צובעקומען ביכער פון היזיגע אונד אויסלענדישע אר...
דער גרעסטער אויסוואהל
...ן זשארגאנישע, וויסענשאפטליכע אונד בעללעטריסטישע ביכער.
...פט אגענט פון אללע אמעריקאנישע אונד ענגלישע אויסגאבען, אללע
...ֿ לעהר ביכער, מעטאדעס צו ערלערנען העבראיש, רוסיש, דייטש, ענגליש
...יין אונד שפאניש. אידישע נאטען (מוזיק) פיר פיאנא אונד פידעל, פון דיא
פאפולערסטע אידישע אפעראס און סקארבאווע נגונים.
פיללע סארטען טהעאטער שטיקע אונד פאלקס ליעדער.
...ערשיעדענע סארטען אידישע בילדער אונד אנזיכטען.
...פיעלע נייע מוסטערן אנזיכטס פאסט-קארטען שאנסטער אינהאלט, צום
...סטען פרייז. איינינע סארטען יודישע אלבומס. א גרויסער אויסוואהל פון
... קארטען פון 50 קאפ' פיר 100 שטיק ביז 75 קאפ' א שטיק.
... קען מען ביי מיר בעקומען אלעס וואס אנבעלאנגט צום ספרים געשעפט.
אלעס צוא דיא בילליגסטע פרייזען.

בעשטעלונגען ווערען רעיעל און פינקטליך ערפילט.

א קאטאלאג פון זשארגאנישע ביכער ווערט אויף פערלאנג פריי געשיקט.

Книжный магазинъ Я. Б. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки ...